ביבליאָטעק „גרינינקע ביימעלעך"
רעדאַקטירט פון ש. באַסטאָמסקי



ליוסי פיטש-פּערקינס

# די געוואַקסע

## (קינדער פון דער שטיינצייט)

יידיש — העלענע כאַצקעלס



פאַרלאַג „נײַע יידישע שול"
ווילנע ○ ○ ○ ○ ○ ○ 1939

Printed in Poland

L. Fich-Perkins

# „DI GEWAGTE"

Tłumaczyła: **H. Chackels.**

Wilno, 1939.

Druk. „Express" Wilno Wielka 33

## „די פאמיליע פון שווארצן בער"

מיר וועלן דאָ ווידער דערציילן וועגן אַ צווילינג, וועגן אַ ברודער און אַ שוועסטער. זיי זײַנען ניט קיין האָלענדער. זיי האָבן געלעבט מיט אַ פּולע, פּולע טויזנטער יאָרן צוריק. די ערד איז יעמאָלט אַן אַנדערע געווען — ניט קיין שטעט, און אַפילו קיין דערפער זײַנען דאַן ניט געווען. די וועלדער זײַנען געווען געדיכטע, די טײַכן טיף. אויף די לאַנקעס זײַנען געוואַקסן געדיכטע און הויכע גראָזן. די פעלדער און די וועלדער זײַנען געווען פול מיט ווילדע חיות. קיין אַנדערע חיות, ניט קיין ווילדע, זײַנען דאַן נאָך גאָרנישט ניט געווען.

אויף די לאַנקעס האָבן זיך געפיטערט גרויסע סטאַדעס ווילדע פערד און ווילדע קי מיט אָקסן. אין די וועלדער האָט געלעבט דער שרעקלעכער טיגער. אין די היילן פלעגט זיך אויפהאַלטן דער גרויסער שוואַרצער היילבער.

די מענטשן זײַנען דאַן אויך גאָר אַנדערע געווען. זיי פלעגן לעבן אויף ביימער אָדער אין היילן, פלעגן זיך קיינמאָל ניט וואַשן און ניט קעמען, פלעגן גיין נאַקעט און אין אַ קאַלטן וועטער זיך פאַרדעקן מיט אַ פעל פון אַ צוגעהאַרגעטער ווילדער חיה. זיי זײַנען געווען שטאַרק, פלינק — פלעגן קענען גוט קלעטערן אויף ביימער, פלינק לויפן, ווײַט זען און גוט הערן.

שטיין און שטעקן — דאָס איז געווען זייער געצײַג און געווער.

דער צווילינג, וואָס מיר וועלן וועגן אים דערציילן, איז געווען מיט רויטע, פײַער־רויטע האָר. דערפאַר פלעגט מען זיי רופן: די שוועסטער — פײַערפליג, און דעם ברודער — פײַערקעפל.

וווּנדערט זיך ניט אויף די נעמען.

זייער טאַטע האָט געהייסן — אָ ד ל ע ר א ו י ג, ווײַל ער האָט געהאַט אַ שאַרפן בליק ווי אַן אָדלער און פלעגט דערזען פון גאָר ווײַט דעם קלענסטן פינטל. זייער מאַמע האָט געהייסן — פ ל י נ ק ע ר פ ו ס, ווײַל קיינער האָט ניט געקענט אַזוי לויפן, שפּרינגען און קלעטערן ווי זי.

דאָרט ווו זיי האָבן געלעבט זײַנען געווען נאָך קינדער. האָבן זיי געהייסן — שוואַרצער פויגל, לאַנגער טראָט און פויגלכאַפּ.

עס זײַנען געווען אין הייל נאָך עטלעכע מענער. האָבן זיי געהייסן — אָדלערנאָז, גרויער וואָלף, גרויסער אויער, לאַנגע האַנט.

איר מײַנט געווים, אז דאָס זײַנען צונעמעניש׳ן. דאָס זײַנען אָבער געווען נעמען. פון קײן אנדערע נעמען האָט מען ניט געוווסט. און די גאנצע פאמיליע אָדער „קלאן״ האָט זיך גערופן: „די פאמיליע פון שוואַרצן בער״.

ס׳איז נאָך געווען א באָבע, האָט מען זי גערופן גלאט אזוי „באָבע״.

דער פירער פון קלאן איז געווען אָדלעראויג—אונדזער צווילינגס טאטע. ער איז געווען א שטארקער און דער בעסטער יעגער. אויפן קאָפּ, אויף דער ברוסט און אויף די פיס זײַנען בײַ אים געווען פײַער-רויטע האָר. ער איז געווען א הויכער. אויגן האָט ער געהאט קליינע אָבער שארפע. אויפן האלדז האָט ער געטראָגן א האלדזבאנד פון בערישע צײיבער.

---

# די באָבע און די אייניקלעך

אַלע דערוואַקסענע מענער און פרויען פון דער פאַמיליע „שוואַרצער בער" זיינען אוועק אויף יאַגד.

די זון האָט געשיינט. אירע שטראַלן האָבן אַריינגעלויכטן אין אַ גרויסער שוואַרצער הייל לעבן וואַלד אויפן הויכן פעלזיקן ברעג פון אַ טיפן און שטראָמיקן טייך.

אויפן אַנדערן ברעג האָבן זיך געהויבן צום הימל איבער די ביימער פון וואַלד בלויליכע בערג. די מענטשן פון דער פאַמיליע „שוואַרצער בער" האָבן ניט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך הינטער די בלויע בערג. לעבן הייל האָט זיך געברענט אַ פייער. לעבן פייער איז געזעסן גאָר אַן אַלטע באָבע מיט צעקודלטע גרויע האָר און האָט געבאַקן אייכלניס. די אַלטע איז געווען פאַרוויקלט אין אַ הירשענער פעל. זי נעמט אַרויס הייסע ניס פון פייער און קנאַקט זיי ווי אַ וועווערקע.

ביי יעדן שאָרך קוקט זיך די אַלטע אַרום און וואַרפט צו נייע צווייגן אין פייער. וואָס גרעסער דאָס פייער, אַלץ זיכערער איז זי אין דער הייל ווילדע חיות. אַפילו די שטאַרקסטע, שרעקן זיך פאַר אַ פייער.

איר פאַרשטייט שוין אַליין, אַז פאַסירט האָט דאָס מיט טויזנטער, טויזנטער יאָרן צוריק, ווען די ערד און די מענטשן זיינען גאָר אַנדערע געווען ווי איצט.

פון הינטן גנבענען זיך איבער די שטיינער צו דער באָבען צוויי קינדער, אַ יינגל און אַ מיידל, אַ צווילינג פון אַ יאָר אַ אַכט. זיי זיינען אָנגעטאָן אין פעלן פון רויטלעכע פוקסן. נאָך רויטער איז דאָס צעקודלטע האָר אויף זייערע קעפּ. דאָס איז „רויטפליג" און איר ברודער „רויטקאָפּ". זיי קריכן אַזוי שטיל איבער די שטיינער, אַז אַפילו דער באָבעס שאַרפע אויערן הערן ניט. אָט זיינען זיי שוין לעבן איר. מיטאַמאָל שטעלן זיי זיך אָפּ און נעמען בילן ווי צוויי יונגע וועלף.

די באָבע האָט זיך דערשראָקן. זי האָט אַ געשריי געטאָן און איז אויף אַלע פיר גיך, גיך אַריינגעקראָכן אין סאַמע פינצטערן ווינקל פון הייל. די ניס פון אירע קני האָבן זיך צעשאָטן און זיך גענומען קייקלען פון בערגל.

די קינדער האָבן זיך הילכיק צעלאַכט. די באָבע האָט דערהערט זייער געלעכטער און איז מיט א גרויסן שטעקן אין האַנט ארויסגעלאָפן פון הייל.

— אָ, איר קליינע טיגערס, איך וועל אייך באַלד אָנכאַפּן און שוין אָנלערנען ווי מיך צו שרעקן!

— די קינדער האָבן זיך גערייצט מיט דער אַלטער, זײַנען לאַכנדיק אַרומגעשפּרונגען אַרום פײַער.

— וועסט אונדז ניט כאַפּן, ניין!

די באָבע האָט זיך פאַרמאַטערט יאָגנדיק נאָך זיי. זי האָט באַמערקט די אויסגעשאָטענע ניס און א געשריי געטאָן צו זיי:

— קלײַבט צוזאַמען די ניס, איר רויטהאָריקע מײַז. דאָס זײַנען די לעצטע ניס, וואָס זײַנען איבערגעבליבן פון זומער. איצט וועט מען דאַרפן לאַנג וואַרטן, ביז וואַנען עס וועלן פאַרטיק ווערן פרישע ניס.

די קינדער זײַנען געווען נאָך גאָר קליינע, אָבער זיי האָבן שוין געוווּסט, ווי שווער עס איז צו געפינען שפּײַז, איבערהויפּט אין פרילינג. דערפאַר האָבן זיי געפאָלגט דער באָבען און האָבן גענומען אויפקלײַבן די צעשאָטענע אייכלגיס.

— נו, בורטשע ניט, אַלטע באָבע, וואָס דו היטסט דאָס פײַער באַהאַלט דעם שטעקן, וועלן מיר דיר עפּעס געבן. מיר האָבן עס געבראַכט פאַר דיר,—האָבן די קינדער געזאָגט.

דער באָבעס פּנים איז ווייכער געוואָרן.

איך ווייס אײַערע שטיק, איר האָט מיר גאָרנישט געבראַכט, מערנישט איבערגעשראָקן מיך. און איך בין אַרײַנגעפאַלן אין די אַש,— האָט געענטפערט די באָבע.

די מיידעלע איז פלינק צוגעלאָפן צו דער אַלטער, האָט ארויסגעכאַפּט דעם שטעקן פון אירע הענט, האָט אים אַרײַנגעוואָרפן אין פײַער און האָט די באָבען אויף א שטיין אוועקגעזעצט.

דערווײַלע איז דער ייִנגל אַראָפּגעשפּרונגען אין די קוסטעס. אין א מינוט אַרום איז ער שוין געווען צוריק. די הענט האָט ער געהאַלטן פאַרלייגט אויף הינטן, אויפן רוקן.

ער האָט זיך געשטעלט פאַר דער באָבען און האָט צו איר געזאָגט:

— אנו, טרעף, וואָס איך האָב אין די הענט, באָבע!

די באָבע האָט גענומען שמייכלען:

— זאַפטיקע וואָרצלען.

— ניין, ניט ריכטיק,—האָבן געלאַכט די קינדער.—טרעף, טרעף!

— סאָסנאָווע סמאָלע!

— אויך ניט! — לאַכן די קינדער

די באָבע האָט אַ װײַלע געטראַכט.

— שנעקעס! — האָט זי געזאָגט.

— אויך ניט; — האָט געזאָגט דער יינגל און האָט איר באַוויזן פיר גרויסע אייער.

דער באָבעס פּנים איז ליכטיק געוואָרן פון פרייד. זי האָט אַרײַנגעלייגט די אייער אין הייסן אַש.

— מיר וועלן זיי אויסבאַקן. שוין דרײַ טעג, ווי איך עס נאָר אייכלניס.

— די קינדער האָבן געמוזט דערציילן, ווי אַזוי זיי האָבן געפונען די אייער.

זיי זײַנען געווען הונגעריק און האָבן געזוכט וואָרצלען אין וואַלד. מיטאַמאָל האָבן זיי דערזען אין די קוסטעס ווילדע חזירים מיט שרעקלעכע ציינער. זיי האָבן שוין ניט געוואַרט און זײַנען פלינק אַרויפגעקראָכן אויף אַ בוים. די הונגעריקע חזירים האָבן געקוקט אויף די קינדער. דער שטיפער רויטקעפל האָט זיי גענומען רייצן. ער האָט מיט אַ לאַנגן און דינעם צווײַגעלע אַ קיצל געגעבן אַ חזיר איבערן שנוק. די ווילדע חיות האָבן גענומען קוויטשען און רײַסן מיט די ציינער די קאָרע פון בוים. די קינדער האָבן שוין מורא געהאַט אַראָפּצוקריכן און האָבן גענומען שפּרינגען פון איין צווײַג אויף דעם אַנדערן. גוט נאָך. וואָס די ביימער וואַקסן נאָענט איינער פון דעם אַנדערן. קלעטערנדיק איבער די ביימער האָבן זיי דערזען אַ נעסט מיט אייער. די חזירים זײַנען שוין ניט געווען. רויטפליג האָט צוגעהאַלטן די אייער, רויטקאָפּ איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בוים. רויטפליג האָט אים פאָרזיכטיק דערלאַנגט די אייער. דערנאָך איז זי אויך אַראָפּגעשפּרונגען פון בוים און ביידע זײַנען גליקלעכע געלאָפן אַהיים.

די באָבע האָט זיך געפרייט מיט אירע אייניקלעך.

— איר זײַט געראָטן אין אײַער טאַטן און מאַמען. ניט אומזיסט רופט מען אים „אָדלעראויג” און די מאַמען „פלינקערפוס”. זי לויפט גיכער פון אַ ווינט.

די באָבע האָט אַרויסגענומען די אייער פון דעם ברענענדיקן אַש. זיי זײַנען געווען זייער הייס, אָבער די הויט אויף אירע הענט איז געווען אַזוי האַרט, אַז זי האָט אַפילו געקענט האַלטן הייסע קוילן.

די באָבע האָט דערלאַנגט איין איי דער „רויטפליג”. די הויט אויף אירע קינדערשע הענט איז נאָך געווען ווייך. רויטפליג האָט דערפילט אַ ברען און האָט מיט אַ געשריי אַרויסגעוואָרפן דאָס איי.

רויטקעפל האָט געוואָלט באַהאַלטן, אַז אים איז דאָס גאָרנישט: ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס הייסע איי, האָט צעבראָכן דעם שאָלעכץ און האָט עס אויף גיך אויפגעגעסן. קענטיק, אַז ער האָט זיך פאַר־ברענט דאָס מויל און די צונג. ער האָט גענומען אויף גיך אַריינ־אָטעמען אין זיך פרישע קאַלטע לופט, אָבער ער האָט זיך קיין קרים ניט געגעבן און ניט באַקלאָגט זיך, אַז עס טוט אים וויי.

---

# דער יום-טוב פון ביזאָן.

דער ביזאָן איז אַ ווילדער אָקס. ער איז זייער גרויס און שטאַרק. מיט טויזנטער יאָרן צוריק האָבן זיך אויף די לאַנקעס געפּיטערט גרויסע סטאַדעס ווילדע אָקסן. ווען עס פלעגט ווערן קאַלט, פלעגן זיי אַריבערגיין אין וואַרעמע ערטער, וווּ דאָס גראָז בלייבט גרין אַ גאַנצן ווינטער. אין פרילינג פלעגן זיי זיך אומקערן צוריק אויף זייערע אַלטע פּיטער-פעלדער. אַזוי קומט נאָך איצט אויך פּאָר מיט ווילדע צפון-הירשן אין אַמעריקע. זומער פּיטערן זיי זיך נענטער צום אייז-אָקעאַן; אין האַרבסט, ווען עס ווערט קאַלט, גייען זיי אַריבער אין די בערג דרומדיק פון אָקעאַן. דאָרטן איז דער ווינטער ניט אַזוי האַרט. אין פרילינג קערן זיי זיך ווידער אום אויף די אַלטע פלעצער.

יעגער נוצן אויס די צייט און באַפאַלן די הירשן, ווען זיי וואַנדערן.

מיט טויזנטער יאָרן צוריק האָבן די מענטשן פון די היילן זיך געיאָגט נאָך ווילדע אָקסן. דורכן ווינטער פלעגן זיי זיך אָנליידן גענוג הונגער. מען פלעגט זיך ניט קענען דערוואַרטן אויף דער צייט ווען די אָקסן וועלן זיך ווידער באַווייזן.

* * *

אַלע יעגער, די דערוואַקסענע מענער און פרויען, זיינען אַוועק אויף יאַגד. אין הייל זיינען געבליבן די אַלטע באָבע און דער צווילינג. זיי וואַרטן מיט אומגעדולד, עס זאָלן זיך שוין אומקערן די יעגער.

מיטאַמאָל דערהערט רויטקעפּל אַ מוקען. ער לויפט אַרויס פון דער הייל. נאָך אים לויפט נאָך זיין שוועסטער רויטפּליג. ווי יונגע ציגן קריכן זיי אַרויף איבער די שטיינער אויפן בערגל, פאַרשטעלן די אויגן פון דער זון און קוקן אין דער זייט, פון וואַנען עס הערט זיך אַ מוקען.

דער מו-מו ווערט אַלץ שטאַרקער, נענטער.

די קינדער גיבן פרייליך אַ פייף און לויפן צו דער באָבען:

— באָבע, אַלטע באָבע, די ביזאָנען גייען! מיר האָבן זיי אַליין

געווען ליבן טאָג! באַלד וועלן שוין אונדזערע יעגער קומען. דאָס האָבן זיי געמוזט פאַרטרײַבן די טשערעדע צום טײַך.

— אויב אַזוי, — זאָגט די באָבע־שטײט נישט ליידיק. מען דאַרף זיך גרייטן צום יום־טוב. די יעגער וועלן קומען, מוזן זיי געפינען אַ גרויסן פײַער און פולע קעסלען מיט הייסן וואַסער.

רויטפליג און רויטקאָפּ האָבן זיך ניט געלאָזן בעטן. זיי האָבן גענומען שלעפּן צו דער הייל טרוקענע צווײַגן.

איצט הערט זשע, וואָסערע קעסלען מיט הייסע וואַסער מען האָט געגרייט:

לעבן דער הייל זײַנען געווען עטלעכע גריבער. די באָבע האָט געהייסן אויסגראָבן נאָך איינע. מען האָט זיי אויסגעלייגט מיט פעלן. דערנאָך האָבן די קינדער געכאַפּט אַ פעל פון אַ ווילדן חזיר און זיי זײַנען געלאָפן צום טײַך. אין דער פעל האָבן זיי אָנגעשעפּט וואַסער און געגאָסן אין די גריבער.

דערווײַל האָט די באָבע געלייגט אין פײַער שטיינער. ווען די שטיינער האָבן זיך גוט אָנגעגליט אין פײַער, האָט מען זיי געוואָרפן אין די גריבער, וואָס זײַנען שוין געווען פול מיט וואַסער. פון די הייסע שטיינער איז דאָס וואַסער געוואָרן אַזוי הייס, אַז עס האָט גענומען קאָכן.

רויטפליג און רויטקאָפּ זײַנען געווען זייער הונגעריק. זיי האָט זיך געדאַכט, אַז מער וועלן זיי ניט קענען אויסהאַלטן.

דאָס פײַער האָט געפלאַקערט, דאָס וואַסער האָט געקאָכט.

די קינדער זײַנען אַרויסגעלאָפן פון דער הייל און האָבן הילכיק אַ פײַף געטאָן.

פון וואַלד האָט מען זיי געענטפערט מיט נאָך אַ הילכיקערן פײַף. דערנאָך האָט זיך דערהערט אַ טומל, אַ געלעכטער.

דאָס זײַנען געווען די יעגער. נאָכן פריילעכן געלעכטער האָט מען געקענט פאַרשטיין, אַז זיי גייען ניט מיט ליידיקע הענט.

## די יעגער האָבן זיך אומגעקערט.

די יעגער גייען אהיים צו דער הייל. פרויען און מענער — אלע טראָגן גרויסע שטיקער פלייש פון ווילדע אָקסן.

די פעלן האָבן זיי צוזאַמענגעוואָרפן אין איין אָרט. שפּעטער וועלן די יעגער זיי אויסשאָבן און צוגרייטן צום טריקענען.

די באָבע און די איבעריקע פרויען האָבן זיך גענומען בראָטן און קאָכן די גרויסע שטיקער פלייש. א טייל האָט מען געלייגט אויף די הייסע קוילן און דאָס איבעריקע—אין די גריבער מיט דעם קאָכעדיקן וואסער.

רויטקאָפּ איז געווען אזוי הונגעריק, אז ער האָט געכאַפּט א שטיק רויע פלייש און האָט עס גענומען עסן.

אלע האָבן זיך געזעצט אין א קרייז ארום פייער. נאָר די באָבע איז געשטאַנען אָן א זייט: זי האָט אונטערגעוואָרפן טרוקענע ווייצעס אין פייער און האָט אלעמען דערלאַנגט פלייש.

זי האָט אויך אליין געהאלטן א ביין און אים געגריזשעט.

פריער האָבן אלע געגעסן שווייגנדיק: זיי האָבן א לאַנגע צייט געהונגערט, דערפאַר האָט מען ניט געוואָלט פארלירן קיין צייט אויפן ריידן.

ווען אלע זיינען שוין געווען זאט, האָט אָזלעראויג, דעם צווילינגס פאָטער, דערציילט, ווי אזוי די יאגד איז צוגעגאַנגען: די פרויען האָבן געשטעלט נעצן פאר קראָליקעס; די גרעסערע יינגלעך האָבן געקלעטערט אויף די ביימער און געזוכט אייער; די עלטערע מענער האָבן זיך גענומען אויסשפּירן די ווילדע אָקסן. לאַנג, לאַנג האָבן זיי קיינעם ניט געזען. מיטאמאָל האָט „אָדלעראויג" דערהערט מוקען און דערזען פון ווייטן צוויי שווארצע פּונקטן. דאָס זיינען געווען די ווילדע אָקסן. זיי זיינען געגאַנגען פּאָרזיכטיק: פאָרויס — אַן אלטער אָקס, דער פירער, און מיט אים — צוויי יונגע. וואָס זיינען אויף דער וואָך; הינטער זיי איז געגאַנגען די סטאַדע.

די יעגער האָבן זיך באהאלטן און דערנאָך האָבן זיי שטילערהייט אראָפּגעקלעטערט פון פעלז צום ברעג פון טייך. ווי די אָקסן זיינען

בענגענען. די יעגער האָבן זיך פאַרשפּרייט אין די קוסטעס, ווען דער אָקס, דער פירער, האָט זיך דערנענטערט, איז אַדלעראַויג אַרויסגעשפּרונגען און האָט אַ וואָרף געטאָן אין אים זײַן שפּיז. דער אָקס האָט זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע פיס און גענומען שרעקלעך שרײַען פון ווייטאָק. דער יעגער „גרויסאויער" האָט געוואָרפן אין אים אַ צווייטן שפּיז. און דער אַלטער אָקס איז געבליבן ליגן. די סטאַדע האָט זיך אָן פירער פאַרלאָרן און גענומען לויפן אין שרעק. דאַן האָבן די יעגער איבערגעלאָזן דעם אַלטן אָקס (זײַן פלייש איז געווען האַרט), האָבן זיך געוואָרפן אויף די צעשראָקענע קי און צוויי דערהרגעט מיט זייערע שטיינערנע העק.

* * *

זיך אָנגעגעסן צו זאַט, האָבן זיך די קינדער געלייגט שלאָפן אויף די פעלן. די דערוואַקסענע זײַנען נאָך געבליבן בײַם פײַער.

אונדזער צווילינג רויטקעפּל און רויטפּליג האָבן ניט געקענט אײַנשלאָפן. זיי זײַנען געלעגן מיט צוגעמאַכטע אויגן און האָבן זיך צוגעהערט, וואָס די גרויסע ריידן.

אַדלעראויג, זייער פאָטער, האָט געזאָגט:

— מאָרגן גיי איך אַריבער דעם טײַך.

— וואָהין וועסטו גיין? האָט „גרויסאויער" געפרעגט.

— איך וויל וויסן, וואָס עס געפינט זיך הינטער די בלווילעכע בערג, וואָס פון הינטער זיי גייט אויף די זון — האָט געענטפערט אַדלעראויג.

— אָבער קיינער פון אונדזער קלאַן איז דאָך נאָך קיינמאָל ניט אַריבערגעגאַנגען אויף יענעם ברעג און דער פלאַץ פון אונדזער יאַגד איז אַלעמאָל אויף דער זײַט טײַך—האָט זיך אָפּגערופן „לאַנגהאַנט".

— ס'איז טאַקע צײַט, מיר זאָלן זוכן נײַע ערטער אויף יאַגד. באַלד וועלן פאַרבײַלויפן די הירשן, וועלן מיר מוזן הונגערן. איך וועל זוכן נײַע פלעצער—האָט דערקלערט אַדלעראויג.

— אויב אַזוי, גיי איך מיט! — האָט געזאָגט פלינקפוס, דעם צווילינגס מאַמע — די באָבע וועט אַכטונג געבן אויף די קינדער, ביז וואַנען מיר וועלן זיך אומקערן.

רויטקעפּל האָט שטיל אַ שטופּ געטאָן רויטפּליגן און האָט איר געזאָגט אויפן אויער:

— איך וועל אויך מיטגיין!

— זיי וועלן דיך ניט מיטנעמען — האָט אים רויטפּליג אַרײַנגעשעפּטשעט אין אויער.

— איך װעל שױן גײן, שװיַג נאָר — האָט געענטפערט רױטקעפּל.
— דאַן גײ איך אױך מיט — האָט שטיל געזאָגט רױטפליג.

די באָבע האָט געפּרוּװט אָפּרײדן פון גײן איבערן טײַך. ס'איז אַזױ געפערלעך. ניט לאַנג האָט זי אַלײן געזען אַ נאַזהאָרן אין טײַך.

אָדלעראַריג האָט בארוּיִקט די אַלטע:

— מיר װעלן אַריבערגײן דעם טײַך אין אַזאַ אָרט, װוּ ס'איז ניט טיף. איך האָב דאָך שױן עטלעכע מאָל צוגעהערגעט הײלבערן, אַפילו אַ טיגער און אַ נאַזהאָרן. איך שרעק זיך פאַר קײן זאַך ניט.

די באָבע האָט געזען, אַז איבעררײדן אָדלעראַריגן װעט זי ניט קענען. דערפאַר האָט זי שױן מער ניט גערעדט.

אָדלעראַריג און פלינקפוס האָבן אָפּגעמאַכט, אַז זײ װעלן אַרױסגײן פון דער הײל גאָר פרי. זײ װעלן מיטנעמען אַ פּאָר פעלן, זײערע העק און שפּיזן.

זײ האָבן זיך געלײגט שלאָפן. אין הײל איז געװאָרן גאָר שטיל.

# די עלטערן פארטראכטן א ווײַטע רײַזע.

## די קינדער לויפן מיט.

רויטקעפל האָט זיך אויפגעכאַפּט פריער פון אַלעמען. אפילו די באָבע האָט נאָך געשלאָפן.

דאָס פײַער האָט געפלאַקערט פאַר דער הייל.

רויטקעפל איז אַרויסגעקראָכן פון אונטערן וואָלפישן פעל. איין פעל האָט ער אָנגעטאָן אויף זיך און אַרומגעבונדן מיט אַ רימען; די איבעריקע פעלן האָט ער אַזוי אָנגעוואָרפן אויף זײַן געלעגער, מע זאָל מיינען, אַז ער שלאָפט אונטער זיי. דערנאָך האָט ער גענומען זײַן שפּיז. רויטפליג האָט זיך אויך אויפגעכאַפּט. רויטקעפל האָט אַרויפגעלייגט אַ פינגער אויף די ליפּן און איר אַזוי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זי דאַרף שווײַגן. זי האָט זיך אויך אָנגעטאָן אין אַ וואָלפישן פעל, האָט אויך גענומען אַ שפּיז און איז צוזאַמען מיטן ברודער אויף אַלע פיר אַרויסגעקראָכן פון דער הייל.

די קינדער האָבן אויפגעזוכט לעבן פײַער אַ פּאָר שטיקלעך פלייש פון דער נעכטיקער סעודה און זײַנען אַוועק צום טײַך.

דער הימל האָט זיך געררויטלט איבער די בערג. פייגלען האָבן שוין אָנגעהויבן זינגען.

– לאָמיר אַרויפקריכן אויף אַ בוים, וועלן מיר זען, וווהין אַזלעראויג און פלינקפוס וועלן גיין. דאַן וועלן מיר אַראָפּקלעטערן און נאָכלויפן נאָך זיי.

– ווי מיינסטו, וואָס וועלן זיי טאָן מיט אונדז, אַז זיי וועלן אונדז דערזען? – האָט רויטפליג געפרעגט.

–זיי וועלן אונדז גוט אָנשלאָגן, אָבער אַז מיר וועלן שוין זײַן ווײַט פון דער הייל וועלן זיי אונדז צוריק ניט שיקן. ס'וועט טאַקע ידיי טאָן פון די קלעפּ, אָבער דערפאַר וועלן מיר זען אַזוינס, וואָס מיר האָבן נאָך קיינמאָל ניט געזען—האָט רויטקעפל געטרייסט זײַן שוועסטערל.

זיי זײַנען אַרויפגעקראָכן אויף אַ הויכן בוים, האַלטנדיק די שפּיזן און דאָס פלייש. זיי האָבן דאָס אָפּגעטאָן אַזוי פלינק, ווי אונדזערע קינדער לויפן איצט אַרויף אויף אַ טרעפּ.

די געדיכטע בלעטער האָבן זיי פאַרשטעלט פון פרעמדע אויגן. זיי האָבן אָבער אַלץ געקענט זען.

די ערשטע איז אויפגעשטאַנען די באָבע. זי האָט זיך איינגעקוקט איפן הימל. דערנאָך האָט זי גענומען תּאַרפן טרוקענע צווייגן אין פייער אַריין.

אַט זיינען אַרויס פון דער הייל אָדלעראָוויג און פלינקפוס. אויפן רוקן טראָגן זיי הירשענע פעלן. אין די הענט האַלטן זיי זייערע שפּיזן און העק. פלינקפוס טראָגט אויפן גאַרטל אַ קירבעס. דאָס איינגעטרייטע פון קירבעס איז אַרויסגענומען; פאַר אונדזערע יעגער איז דאָס אַזוי גוט ווי אַ טעפל אָדער אַ פלעשל. גייענדיק גריזשען זיי ביינער. זיי גייען אויף דעם וועגעלע, וווּ די קינדער האָבן זיך באַהאַלטן אויפן בוים,

רויטקעפל און רויטפליג האַלטן זיך קוים איין פון געלעכטער.

פלינקפוס האָט אַ שאַרף אויער. זי דערהערט עפּעס אַ שאָרך און זאָגט צום מאַן:

— וואָס קען דאָס זיין?

— אַ וועווערקע—ענטפערט ער.

און זיי גייען ווייטער.

די קינדער ווילט זיך נאָך מער לאַכן. אָדלעראָוויג און פלינקפוס זיינען אַראָפּ צום פעלזיקן ברעג פון טייך און זיינען געגאַנגען לעבן די ביימער. אויף דעם אָפענעם פעלד איז געפערלעכער צו גיין. דאָ קען מען זיך אַלע וויילע באַהאַלטן צווישן די ביימער.

די קינדער האָבן אָפּגעוואַרט, ביז וואַנען די עלטערן זיינען אָפּגעגאַנגען אַ רעכט שטיקל. דאַן זיינען זיי אַראָפּ פון בוים און האָבן גענומען זיי נאָכגיין. איטלעך מאָל, ווען אָדלעראָוויג אָדער פלינקפוס פלעגן זיך אַרומקוקן, פלעגן די קינדער זיך באַהאַלטן צווישן די ביימער,

רויטקעפל און רויטפליג האָבן געוואָלט טרינקען. זיי זיינען אָבער ניט געלאָפן צום טייך, מע זאָל זיי ניט באַמערקן. פון הונגער האָבן זיי געקייט די בלעטער פון די אַרומיקע קוסטעס.

רויטפליג האָט געזאָגט צום ברודער:

— לאָמיר זיי אַ רוף טאָן: איך בין אַזוי הונגעריק. איך קען שוין מער ניט אויסהאַלטן!

— אָ, וועלן זיי אונדז שלאָגן!—האָט געענטפערט רויטקאָפּ—אָבער אויב דו קענסט ווייטער ניט גיין, וועל איך אַ רוף טאָן.

דער יינגל האָט צוגעלייגט די האַנט צום מויל און געגעבן אַ לאַנגן און שטאַרקן פייף. דאָס איז געווען אַ סיגנאַל. אַזוי פלעגן

פּרובּן אַלע מענער פון קלאַן (פון דער פאַמיליע), ווען עס פלעגט זיך טרעפן מיט עמיצן אַן אומגליק.

אַדלעראויג און פלינקפוס האָבן דערהערט דעם פּײַף און האָבן זיך אָפּגעשטעלט. זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זײַטן און האָבן באַלד דערזען בײדע קינדער. זיי האָבן זייערע אויגן ניט געגלויבט.

— פון וואַנען קומט איר? — האָט דער פאָטער שטרענג געפרעגט.

— פון דער הייל — האָט געענטפערט רויטפליג — מיר ווילן אויך וויסן, וואָס עס טוט זיך הינטער די בלוילעכע בערג אויף יענער זײַט טײַך. שלאָגט אונדז אָן, אָבער מאַכט דאָס גיכער, מיר זײַנען אַזוי הונגעריק.

— בעסער לייגט אָפּ די קלעפּ אויף אַ צווייטן מאָל — האָט זיך געבעטן רויטקאָפּ.

עס האָט קיין זאַך ניט געהאָלפן. אין יענע צײַטן האָט מען ניט געוווּסט פון רחמנות.

די קינדער האָבן באַקומען קלעפּ אי פון טאַטן, אי פון דער מאַמען. און נאָך וואָסערע קלעפּ! אָבער צוריק האָט מען זיי ניט געשיקט. ס'איז געווען צו געפערלעך. ווילדע חיות האָבן זיי געקענט צערײַסן. זיי זײַנען דאָך געווען נאָך גאָר קליינע קינדער.

בײַ אָדלעראויגן און פלינקפוסן איז אָפּגעגאַנגען דער כּעס. אין דער אמתן זײַנען זיי געווען צופרידן, וואָס די קליינע זײַנען אַזוינע העלדישע קינדער.

— נו, קומט שוין מיט — האָט געזאָגט דער פאָטער — איר קענט דאָך קלעטערן אויף בײמער ווי וועווערקעס.

רויטקאָפּ און רויטפליג האָבן זיך פון פרייד איבערגעקוליעט.

אַלע זײַנען געווען זייער הונגעריק.

די מאַמע מיט די קינדער זײַנען געגאַנגען צו דער לאָנקע בײַם טײַך. דאָרטן זײַנען געוואַקסן ווילדע מערן. דער פאָטער איז אַוועק אין וואַלד.

אויב ער וועט עפּעס פאַנגען, וועט ער זיי צורופן און זיי וועלן זיך צוזאַמענקומען לעבן גרויסן דעמב.

פלינקפוס און דער צווילינג זײַנען געגאַנגען צווישן קוסטעס, מיטאַמאָל איז אַרויסגעלאָפן זיי אַנטקעגן אַ גרויסע וואַלדהון. רויטקאָפּ האָט אַ וואָרף געטאָן אין איר זײַן שפּיז און האָט זי געטראָפן.

פלינקפוס האָט אים זייער געלויבט:

— דו וועסט זײַן אַ גרויסער יעגער. ווי גוט עס איז, וואָס דו ביסט מיטגעלאָפן.

רויטפליג האָט דערווײַלע געפונען אין די קוסטעס דער הונס נעסט מיט גאַנצע זיבן אייער.

פלינקפוס האָט געזאָגט:

— טאַטע=מאַמע וועלן ניט לאַנג דאַרפן זאָרגן וועגן אײַך. איר זײַט אַזוינע העלדישע קינדער. אינגיכן וועט איר שוין נעמען זאָרגן וועגן מיר און וועגן אײַער טאַטן.

זיי זײַנען צוגעגאַנגען צום גרויסן דעמב. פלינקפוס האָט אַרומגעפליקט די הון און צעשניטן זי אויף שטיקער מיטן שטיינערנעם מעסער. קיין פײַער איז ניט געווען, און זיי האָבן מיט פאַרגעניגן געגעסן דאָס רויע פלייש און פאַרטרונקען מיט רויע אייער.

פאַר אָדלעראויגן האָבן זיי איבערגעלאָזן די פאָלקעס פון דער הון און צוויי אייער. זיי האָבן אויף אים לאַנג געוואַרט. ער האָט זיך אומגעקערט מיט אַ געהאַרגעטן קראָליק אויפן אַקסל. ער האָט געמיינט, אַז פלינקפוס און דער צווילינג גייען אויס פון הונגער. ווען ער האָט דערזען זייערע פריילעכע פּנימער, האָט ער זיך זייער געוווּנדערט.

מיט שטאָלץ און פרייד האָט אים פלינקפוס דערציילט, וואָס די קינדער האָבן אויפגעטאָן.

— איר וועט שוין קענען אַליין דורכלעבן. דעם טאַטן וועט איר שוין ניט דאַרפן מער—האָט אָדלעראויג געזאָגט.

# א געלעגער אויף א בוים.

אָדלעראָויג, פלינקפוס און דער צווילינג זיינען דעם גאַנצן טאָג געגאַנגען מיטן ברעג פון טײַך. זיי האָבן געזוכט אַן אָרט, וווּ מע זאָל דעם טײַך קענען אַריבערגיין. שווימען האָבן זיי ניט געקענט.

אויף אָוונטברויט האָבן זיי געהאַט אַ קראָליק. זיי האָבן אים אויפגעגעסן זיצנדיק אויף אַ שטיין. דערבײַ האָבן זיי זיך געזעצט איינע צו די אַנדערע מיט די רוקנס. עס איז אויסגעקומען, אַז זיי קוקן אין אַלע פיר זײַטן מיטאַמאָל, מע זאָל קענען באַצײַטנס באַמערקן אַ געפאַר.

— באַלד וועט פינצטער ווערן—האָט געזאָגט פלינקפוס—ווי וועלן מיר פאַרברענגען די נאַכט?

— אויף יעדן פאַל ניט אין דער הייל—האָט געענטפערט אָדלעראויג—אפילו ווען מיר וואָלטן אַ הייל געפונען. ווײַל דאָרטן קען מען זיך צוזאַמענטרעפן מיט אַ היילבער.

— מיר קענען אָבער אויך ניט נעכטיקן אויף דער ווילער ערד—האָט געענטפערט פלינקפוס. — דאָ קענען מיר אַרײַנפאַלן אין די ציינער פון אַ טיגער.

אָדלעראויג האָט אַראָפּגענומען פון גאַרטל זײַן שטיינערנעם מעסער און געהייסן פלינקפוסן און דעם צווילינג אָנשנײַדן אין וואַלד צווייגן פון ווילדע ווײַנטרויבן.

די קינדער זיינען אַוועקגעלאָפן אין וואַלד, האָבן אָנגעשניטן אַ גרויסן פּאַק און געבראַכט עס צום פאָטער. ער האָט שוין אויך באַוויזן אָנצושניידן אַ גאַנצע קופּע.

דערבײַ איז געוואַקסן אַ מעכטיקער דעמב מיט ברייטע צווײַגן.

— אויף דעם בוים וועלן מיר שלאָפן—האָט געזאָגט אָדלעראויג—דאָ איז זיכער עס זאָל זיך נאָר ניט פאַרקלײַבן צו אונדז קיין ווילדע קאַץ. אָבער איך וועל שלאָפן אויף איינעם פון די אונטערשטע צווײַגן און וועל אײַך שוין קענען פאַרהיטן פון דער ווילדער חיה.

— מיר וועלן זיצן אויף די צווײַגן ווי די פייגלז—האָט געפרעגט רויטפליג.

פלינקפוס האָט זיך צעלאַכט. זי איז אונטערגעשפּרונגען, האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר איינעם פון די צווייגן, איז אַרויף אויפן בוים און האָט זיך גענומען פלינק באַוועגן אויף זײַן מעכטיקן דיקן שטאַם.

— דערלאַנגט מיר די צווייגן פון די ווײַנטרויבן, וועל איך אײַך באַווײַזן, ווי מיר וועלן זיצן—האָט זי צוגעשריען פון אויבן.

אָדלעראויג האָט איר אַ וואָרף געטאָן אַ בינטל צווײַגן. זי האָט געפּונען אויפן בוים אַזאַן אָרט, ווו די צווײַגן זײַנען געווען נאָענט איינער לעבן דעם אַנדערן.

זי האָט אויך גיך אויסגעפלאָכטן צווישן די צווײַגן פון דעמב אַ נעץ, וואָס האָט אויסגעוויזן ווי אַ האַמאַק.

— נו, קריך אַרויף—האָט די מוטער צוגערופן רויטפליגן—איך וועל דיך לייגן שלאָפן אויף דײַן געלעגער.

רויטפליג איז אַרויף אויבן. די מוטער האָט אַראָפּגענומען פון איר די וואָלפישע פעל, האָט עס אויסגעבעבעט אויף דער נעץ.

ווען רויטפליג האָט זיך אַנידערגעלייגט, האָט די מוטער זי צוגעבונדן מיט אַ רימען צום צווײַג, זי זאָל ניט אַראָפּפאַלן.

פלינקפוס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן נידעריקער און האָט גענומען זוכן אַן אָרט פאַרן ייִנגל. אָבער רויטקאָפּ האָט שוין אַליין געפונען אַן אָרט צווישן די צווײַגן און גענומען זיך פלעכטן אַ געלעגער. די מוטער האָט אים געהאָלפן. זי האָט אים אויך צוגעבונדן מיט אַ רימען, ער זאָל ניט אַראָפּפאַלן.

אָדלעראויג און פלינקפוס האָבן זיך אויך אויסגעפלאָכטן געלעגערס אויף נידעריקערע צווײַגן.

ווען זיי האָבן זיך געלייגט, האָט די מַערב־זײַט פון הימל געפלאַמט מיט רויטע און געלע פאַרבן. און די פייגל האָבן געזונגען זייערע אָוונטלידער.

* * *

רויטקאָפּ האָט זיך אויפגעכאַפּט. ער האָט זיך געוואָלט אויפהייבן פון דער וואָלפישער פעל, אָבער ער איז געווען פעסט צוגעבונדן. דאַן ערשט האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער איז ניט אין דער היייל.

די זון האָט זיך שוין אויפגעהויבן פון הינטער די בלוילעכע בערג אויף יענער זײַט טײַך.

דער ייִנגל האָט אַ קוק געטאָן אויף אונטן און האָט דערזען, אַז די עלטערן זײַנען שוין ניטאָ. דאַן האָט ער אַ רוף געטאָן רויטפליגן. זי האָט אויך געוואָלט אַ שפּרונג טאָן פון געלעגער און זי וואָלט געוויס אַראָפּגעפאַלן, ווען זי וואָלט ניט געווען צוגעבונדן. זי האָט

איך דערזען, אַז דאָס געלעגער, וווּ אַדלעראָויג און פלינקפוס זײַנען געשלאָפֿן, איז ליידיק.

ביידע קינדער האָבן אָנגעהויבן וויינען. זייערע לונגען זײַנען געווען שטאַרקע, און זייער געוויין האָט זיך געהערט ווײַט, ווײַט.

ווען זיי זײַנען אַנטשוויגן געוואָרן, האָבן זיי דערהערט געשרייען פון צוויי פאַרשיידענע זײַטן: „אַו, אַו, אַו!"

—דאָס איז ניט דעם טאַטנס קול, און דער מאַמעס אויך ניט. ווער קען דאָס זײַן?

די קינדער האָבן זיך זייער דערשראָקן. זיי האָבן ווידער גענומען שרײַען, און ווידער האָט מען זיי געענטפערט:

— אַו, אַו, אַו!

די קינדער האָבן ניט געוווּסט, אַז דאָס איז דער ווידערקול פון זייערע אייגענע געשרייען. זיי האָבן געמיינט, אַז די ביימער און דאָס וואַסער רייצן זיך מיט זיי.

זיי האָבן זיך צוגעטוליעט צו די פעלן און זײַנען געלעגן גאָר שטיל. באַלד האָט זיך דערהערט אַ שאַרך צווישן די קוסטעס און אַ געשריי:

— כאַ-אַ-אַ, כאַ-אַ-אַ, כאַ-אַ,אַ! איר האָט זיך שוין אויפגעכאַפּט, איר, קליינע רויטע פוקסן!

ביידע רויטע קעפּלעך האָבן זיך אַרויסגערוקט פון געלעגער.

אַ, האָבן זיי זיך געפרייט, וואָס די עלטערן האָבן זיך אומגעקערט!

פלינקפוס איז אַרויף אויפן בוים, האָט זיי אָפּגעבונדן.

זיי זײַנען אַראָפּ אונטן. אויפן גראָז איז שוין געווען אָנגעגרייט פאַר זיי אַ פרישטיק—צו פיר אייער פון אַ שילדקרעט.

דאָס האָבן די עלטערן געפונען אויפן ברעג פון טײַך דאָס אָרט, וווּ די שילדקרעטן לייגן זייערע אייער.

נאָכן עסן איז מען געגאַנגען ווײַטער מיט די פעלן אויף די רוקנס. מע האָט זיך אַלץ געהאַלטן בײַם ברעג פון טײַך און מע האָט געזוכט אַ גוטן אָרט אַריבערצוגיין.

פאַרנאַכט האָט זיך פלינקפוס מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט אין דעם אָרט, וווּ דער טײַך פאַרקירעוועט זיך.

— קוקט, קוקט!—האָט זי אויסגערופן—צוויי טײַכן!

אַלע האָבן זיך אָפּגעשטעלט און זיך אײַנגעקוקט: דער טײַך האָט זיך אין דעם אָרט צעטיילט אויף צוויי טײַכן, און צווישן זיי איז געווען אַ פּאַס טרוקענע ערד.

---

## אריבער א טײַך

צוגעקומען צום אָרט, װוּ דער טײַך צעטײלט זיך אויף צװײ האָט פּלינקפּוס געזאָגט:

— דאָ קענען מיר אַריבערגײן.

זי איז די ערשטע אַראָפּ צום װאַסער. דער גרונט איז געװען באַדעקט מיט שטײנער. דער שטראָם איז געװען אַ האַסטיקער, אָבער דאָס רײנע װאַסער — דורכזיכטיק און ניט טיף.

— קומט — האָט זי גערופן דעם צװילינג — גײט נאָך מיר.

פּלינקפּוס איז לײַכט אַריבערגעשפּרונגען פון אײן שטײן אויף דעם אַנדערן, װוּ דאָס װאַסער איז געװען טיפער. די קינדער זײַנען נאָכגעגאַנגען, װי לאַנג דער טײַך איז געװען פלאַך. באַלד אָבער האָט זיך רויטקעפּל אָפּגעשטעלט אויף אַ שטײן. דאָס װאַסער האָט זיך מוראדיק געדרײט צװישן די שטײנער.

רויטפליג איז אויך געבליבן שטײן.

— מיר קענען ניט שפּרינגען אַזוי װײַט פון אײן שטײן צום אַנדערן — האָבן זײ װײנענדיק געזאָגט.

— שפּרינגט! — האָט געשריען אויף זײ די מוטער פון פאָרנט.

— שפּרינגט, אָדער איך דערלאַנג אײַך מיטן שפּיז! — האָט געשריען דער פאָטער פון הינטן.

דער צװילינג האָט זיך געשראָקן פאַרן װאַסער. דאָס איז געװען נאַטירלעך. זײ זײַנען דאָך נאָך געװען אַזוי קלײן, און איבערן װאַסער זײַנען זײ געגאַנגען צום ערשטן מאָל.

די קינדער האָבן געװוּסט, אַז טאַטע-מאַמע שפּאַסן ניט: זײ הײסן שפּרינגען, מוז מען שפּרינגען. זײ האָבן אַ שפּרונג געטאָן.

רויטפליג האָט זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט רויטקעפּלען און בײדע זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין קאַלטן װאַסער.

האָבן זײ בײדע אויפגעהויבן אַ געשרײ. דער גיכער שטראָם האָט זײ טאַקע געקענט אַװעקטראָגן. אַדלעראויג איז אָבער אַרײַנגעשפּרונגען אין װאַסער, אָנגעכאַפּט זײ בײדן מיט זײַנע שטאַרקע הענט און געבראַכט צום צװײטן ברעג.

זיי זײַנען געווען נאַס און צעשראָקן. אָבער די שפּיזן האָבן זיי אַפילו טרינקענדיק זיך ניט אַרויסגעלאָזן פון די הענטלעך.
פלינקפוס האָט זיך צעלאַכט קוקנדיק אויף זיי.
— איר זעט אויס ווי אַ פּאָר האַסערמײַז — האָט זי געזאָגט.
דער צווילינג האָט ניט געלאַכט. זיי איז געווען אַזוי קאַלט און נאַס.
אויפן ברעג, ווו זיי זײַנען אַרויסגעגאַנגען, האָבן זיך געהויבן הויכע פעלזן ווי גלײַכע ווענט.
— לאָמיר אַרויפקלעטערן אויף די פעלזן — האָט געזאָגט פלינקפוס — דערפון וועט איר זיך דערוואַרעמען.
קריכן אויף די פעלזן איז געווען שווער. אָבער וואָס האָבן זיי דערפאַר דערזען פון דאָרטן? זיי האָבן געזען דעם לאַנגן. לאַנגן וועג פון בײדע קליינע טײַכן און דעם גאַר לאַנגן וועג פון דעם גרויסן טײַך. וואָס איז געוואָרן פון בײדע קליינע. אויף די ברעגעס פון גרויסן טײַך האָבן זיך געצויגן געדיכטע פינצטערע וועלדער.
זיי זײַנען געווען זייער הונגעריק און האָבן געקוקט אויף דעם פאַס ערד צווישן בײדע טײַכן, אפשר וועלן זיי דאָרט באַמערקן אַ חיה אָדער אַ פויגל וואָס מע קען פאַנגען.
רויטפליג האָט אויסגעשריגן:
— איך זע עפעס, עס איז ווײַס און שפּרינגט צווישן די פעלזן.
— דאָס זײַנען הירשן. איך זע זיי אויך — האָט אָדלעראויג געזאָגט — מאַכט אַ פײַער און איך וועל זיך אַרונטערלאָזן אונטן.
מאַכן פײַער איז געווען ניט אַזוי גרינג. פלינקפוס האָט געפונען אַ שטיק ווייכע האָלץ. מיטן שטיינערנעם מעסער האָט זי געמאַכט אין דעם אַ קליינע גריבל. דערנאָך האָט רויטקאָפּ אויפגעזוכט אַ שטעקל פון הארטן האָלץ. די מוטער האָט מיטן מעסער עס פאַרשניצט. דעם שפּיץ האָט זי אַרײַנגעשטעלט אין גריבל. האָט זיך געשטעלט אויף די קני און גענומען דרייען דעם הארטן שטעקל אין ווייכן האָלץ. דערווײַל האָט רויטפליג געפונען שטיקעלעך פון טרוקענעם מאָך. ווען פון האָלץ האָט גענומען גיין אַ רויך. האָט זי אונטערגעלייגט די שטיקעלעך מאָך. די מוטער האָט אַלץ געדרייט און געדרייט. דער רויך איז געוואָרן געדיכטער. באַלד האָט זיך באַוויזן אַ פײַערל. איצט האָט שוין רויטפליג אונטערגעלייגט טרוקענע בלעטער אויך. דאָס פײַער האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט און דאַן האָט שוין רויטקאָפּ אונטערגעלייגט טרוקענע צווײַגן.
אָדלעראויג האָט זיך אומגעקערט מיט אַ געהרגעטן יונגן הירשעלע. מע האָט זיך זאַט אָנגעגעסן. דערנאָך האָט מען אויסגעשפּרייט די

וואָלפישע פעלן אויפן פעלז און מע האָט זיך געלייגט שלאָפן לעבן פײַער. ס'איז געווען וואַרעם און זיכער, ווײַל ווילדע חיות שרעקן זיך פאַר פײַער.

* * *

אין דער פרי איז מען געגאַנגען ווײַטער. זיי זײַנען דערוויילע אריבערגעגאַנגען נאָך אַ טײַכל. איצט האָט מען געדאַרפט אריבערגיין דעם צווייטן. פון הירש איז נאָך איבערגעבליבן פלייש. יעדער האָט צוגעבונדן צום רוקן אַ שטיק און מע האָט זיך געלאָזן אין וועג אַרײַן.

דער צווייטער טײַך איז געווען טיפער פאַרן ערשטן. לעבן ברעג האָט רויטקאָפּ דערזען עטלעכע שילדקרעטן. זיי האָבן זיך געוואַרעמט אויף דער זון ליגנדיק אויף אַ קלאָץ. דער קלאָץ איז, ווײַזט אויס, פריער געשווומען איבערן טײַך. דערנאָך האָט ער זיך פאַרטשעפּעט מיט אַ צווײַגל און איז געבליבן ליגן לעבן ברעג. דער צווילינג האָט זיך שוין ניט אַזוי געשראָקן פאַרן וואַסער ווי פריער. רויטקאָפּ האָט געוואָלט פאַנגען אַ שילדקרעט. ער האָט אָנגעוויזן רויטפליגן אויף די שילדקרעטן און האָט געזאָגט צו אים: — קום!

רויטפליג האָט פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט. ביידע זײַנען אַרײַן אין וואַסער און האָבן גענומען גיין צום קלאָץ. די שילדקרעטן האָבן דערשפּירט, אַז די קינדער גייען צו זיי; ווי נאָר דער צווילינג איז צו צום קלאָץ, האָבן זיך די שילדקרעטן אַראָפּגעגליטשט אין וואַסער אַרײַן. מיטאַמאָל האָט רויטקאָפּ דערפילט אין וואַסער אַ שטאַרקן ביס אין גרויסן פינגער פון פוס. ער האָט געגעבן אַ קוויטש. רויטפליג האָט ניט געוווּסט, וואָס מיט אים איז, אָבער זי האָט אויך אָנגעהויבן קוויטשען. ביידע האָבן זיך אָנגעכאַפּט פאַרן קלאָץ און האָבן געוואָלט אַרויפגראַבלען זיך אויף אים. דער קלאָץ האָט זיך אַ שאָקל געטאָן. דער שפּיציקער צווײַג, וואָס האָט אים פאַרהאַלטן, האָט זיך אָפּגעטשעפּעט. און דער קלאָץ האָט אָנגעהויבן שווימען אַראָפּ וואַסער מיט ביידע קינדער, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר אים.

אָ, האָבן זיי געשריען, געיאָמערט! אויפן קלאָץ האָט דער צווילינג ניט געקאָנט זיך אַרויפכאַפּן, ווײַל שווימענדיק האָט ער זיך געדרייט. די קינדער האָבן זיך אָבער פעסט געהאַלטן פאַר אים. וואָס האָבן זיי געקאָנט טאָן?

רויטקאָפּ האָט מיט אַלע כּוחות געבריקעט מיט די פיס, ווײַל ער האָט געוואָלט זיך באַפרײַען פון דעם, וואָס האָט אים געביסן אין פינגער.

רויטפליג האָט זיך אויך געבריקעט. זי האָט געוואָלט מיט די

ביז אַנטאַפּן דעם גרונט, אָבער קיין גרונט איז ניט געווען.

דער שטראָם איז אין דעם אָרט געווען ניט זייער קיין גיכער.

די קינדער האָבן ניט פאַרשטאַנען, וואָס זיי טוען. אין דער אָטעם זיינען זיי געשווומען ווי עכטע שווימער. אָפּשטופּנדיק דאָס וואַסער מיט די פיס, האָבן זיי געשטופּט דעם קלאָץ צום צווייטן ברעג.

אָדלעראויג און פלינקפוס האָבן זיך דערווייל געיאָגט נאָך די קינדער אַזוי גיך, ווי נאָר זיי האָבן געקאָנט. אָבער דער צווילינג איז מיט יעדער מינוט אָפּגעשווומען פון זיי אַלץ ווייטער און ווייטער. פלינקפוס איז שוין אַריין ביזן האַלדז אין וואַסער, און איר ווייסט דאָך, ווי שווער ס'איז צו גיין איבער אַ טיפן וואַסער. די קינדער האָבן אויסגעשריען און געקוויטשעט און אַלץ געבריקעט מיט די פיס: זיי האָבן [illegible] אָנרירן דעם גרונט. דערווייל האָט זיך דער קלאָץ מיט איין ברעג אײַנגעשפּאַרט אין זאַמד. די קינדער האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן די צווייגן פון בוים, וואָס זיינען געהאַנגען איבערן וואַסער, און האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט אויפן ברעג.

אָדלעראויג און פלינקפוס האָבן דערווייל אויך באַוויזן צו דער־גיין ביזן ברעג. זיי זיינען באַלד צוגעלאָפן צו די קינדער. אַלע זיינען געווען גליקלעך, וואָס מע איז געזונט און גאַנץ אויפן אַנדערן ברעג.

---

# די בוים-מענטשן.

אָדלעראויג, פלינקפוס און דער צווילינג זיַנען געגאַנגען מיטן ברעג פון טיַך. זיי האָבן זיך ארומגעקוקט ווי אזוי אריבערצוגיין די גלײַכע גרינע לאַנקע און גיכער צוקומען צום וויַטן גרויסן חאלד. אין ואלד קאָן מען זיך לײַכטער באַהאַלטן פון ווילדע חַיות.

באלד האָבן זיי דערזען א סטעזשקע. זי האָט געפירט צום חאלד.

אָדלעראויג האָט זיך איַנגעבויגן און אויפמערקזאַם באַקוקט די שפורן פון טריט אויף דער נאַסער ערד.

— צי גייען ניט דורך דאַנען חַיות וואַסער טרינקען? — האָט גע־פרעגט פלינקפוס.

— די שפורן זיַנען ענלעך אויף אונדזערע. אין די וועלדער ווױנען מענטשן. אָט איז א שפור פון א מענטשליכן פוס. — האָט געענטפערט אָדלעראויג.

פלינקפוס האָט מיט שרעק זיך ארומגעקוקט.

אין יענע ציַטן, מיט טויזנטער יאָרן צוריק, האָבן זיך מענטשן פון פאַרשיידענע קלאַנען (גרויסע פאמיליעס) זעלטן געטראָפן איינע מיט די אנדערע. און ווען מע פלעגט זיך שוין יע צוזאַמענשטויסן, פלעגן זיך אָנהייבן ביטערע געשלעגן איבער די ערטער פאַר יאַגד און פישפאַנג. מען פלעגט וועלן ארויסשטויסן איינע די אנדערע.

— לאָמיר בעסער גיין מיטן ברעג פון טיַך און ניט פאַרגיין אין חאלד! — האָט פלינקפוס פאָרגעלייגט.

אָדלעראויג האָט איר אָן ווערטער אָנגעוויזן אויף צוויי מאַמאָנטן, וואָס האָבן זיך געפיטערט אויפן גראָזפעלד.

מאַמאָנטן—דאָס זיַנען ריזיקע העלפאַנדן מיט גוואַלדיקע ציינער. (איצט זיַנען שוין קיין מאַמאָנטן ניטאָ. זיי זיַנען אויסגעשטאָרבן. מע האָט נאָר געפונען זייערע ריזיקע סקעלעטן).

זיי האָבן באַשלאָסן צו גיין מיטן ראַנד פון חאלד און ניט פאַר־לירן פון אויג דעם טיַך.

אָדלעראויג איז געלאָפן פאָרויס מיט זיַן שפיז אין דער האַנט;

די מוטער און דער צווילינג—נאָך אים. זיי האָבן באַלד באַמערקט אַז אין וואַלד רירט מען זיך. פלוצלונג האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אויף די הויפנס בלאָטע, שטיינער, שטעקנס.

— לויפט! — האָט אויסגעשריען אָדלעראויג.

די קינדער און פלינקפוס זײַנען געווען אין גרויס שרעק, אָבער זיי האָבן אין אַלץ נאָכגעטאָן דעם פאָטער.

די פרעמדע מענטשן זײַנען געשטאַנען אויפן ברעג פון אַ הויכן שפּיציקן פעלז. זייער אויסזען איז געווען שרעקלעך. ווען מע טרעפט איצט אַזוינע מענטשן, וואָלטן מיר געמיינט, אַז דאָס זײַנען חיות.

באַוואַקסן מיט טונקעלע האָר, קליינע אויגן, נידעריקע שטערנס, קורצע פיס, לאַנגע שטאַרקע הענט, גרויסע שאַרפע ציינער, וואָס די מענטשן האָבן געגרילצט מיט זיי—אָט האָט איר זייער פּאָרטרעט.

— לויפט! — האָט נאָך אַ מאָל אויסגעשריען אָדלעראויג — מיר קענען זיך מיט זיי ניט אָנהייבן שלאָגן. זייער צאָל איז אַזוי גרויס!

זיי זײַנען געלאָפן אַלץ ווײַטער און ווײַטער. עס האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם. מיטאַמאָל איז אַ פרוי פון די פרעמדע אַראָפּגעלאָפן פון באַרג, האָט אַ כאַפּ געטאָן רויטפליגן און גענומען זי שלעפּן מיט זיך. זי איז צוגעלאָפן צו אַ דעמב, האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר אַ צווײַג און שוין געוואָלט אַרויפקלעטערן צוזאַמען מיט רויטפליגן.

פלינקפוס האָט מיט אַ געשריי אַ ריס געטאָן איר טאָכטערל פאַר אַ האַנט. ביידע פרויען האָבן געריסן דאָס קינד. זיי וואָלטן זי אפשר צעריסן אויף צווייען, ווען אָדלעראויג וואָלט ניט געטראָפן די וואַלד-פרוי מיט זײַן שפּיז. אויף אים האָט זיך אַ שאָט געטאָן אַ האָגל מיט שטיינער. אָבער די פרוי האָט אַ הילכיקן געשריי געטאָן, אַרויסגעלאָזן דאָס קינד פון די הענט און איז אַנטלאָפן.

— לויפט מיט אַלע כוחות! — האָט געשריען אָדלעראויג.

ער האָט אַפילו באַוויזן אויפצוהייבן זײַן שפּיז. אָ, דאָס איז געווען אַ גוטער שפּיז מיט אַ ביינערנעם שפּיץ! די וואַלדמענטשן האָבן נאָך פון אַזוינע געווער ניט געוווּסט. דאָס איינציקע, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, איז געווען אַ שטעקן און אַ שטיין.

באַלד זײַנען אָדלעראויג און פלינקפוס מיט די קינדער צוגעלאָפן צו גרויסע שטיינער און האָבן זיך באַהאַלטן הינטער זיי.

די וואַלדמענטשן זײַנען שוין געווען נאָענט. דאַן האָט אָדלעראויג אַ כאַפּ געטאָן זײַן שפּיז און מיט אַ מוראַדיקן געשריי זיך געוואָרפן אַנטקעגן די וואַלדמענטשן. זײַן שפּיז האָט געטראָפן דעם

עלטסטן אין פוס. מיט א ווילדן רעווען האָט דער ווילדער אַרויסגעצויגן דעם שפּיז פון דער ווונד.

די וואַלדמענטשן האָבן געלעבט אויף ביימער. זיי פלעגן זיך שפּייזן מיט וואָרצלען, ניס און יאַגדעס. אַמאָל פלעגט זיך זיי איינ־געבן צו פאַנגען א ווילדע חיה אָדער פאַרגאַרן זי אין נעץ.

זיי האָבן אפילו ניט געקאָנט מאַכן קיין פייער.

די ווילדע האָבן זיך דערשראָקן פאַר אָדלעראויגן. זיי האָבן גע־נומען לויפן. ער האָט זיך געיאָגט נאָך זיי. באַלד אָבער זיינען זיי אַרויפגעשפּרונגען אויף הויכע ביימער און האָבן גענומען שפּרינגען פון איין צווייג אויף דעם אנדערן, פון איין בוים אויף דעם צווייטן. אַלץ ווייטער און ווייטער. אין וואַלד איז געוואָרן רויק.

• • •

אונדזערע וואַנדערער האָבן ערשט איצט דערפילט, ווי הונגעריק זיי זיינען. צום גליק האָבן זיי ניט פאַרלאָרן די שטיקער פלייש, וואָס זיי האָבן געהאַט צוגעבונדן צום רוקן.

פלינקפוס האָט צעשניטן אירע פלייש אויף פיר שטיקער און איטלעכער האָט באַקומען זיין פּאָרציע.

זיי זיינען געווען מיד, אָבער אָפּשטעלן זיך האָט מען ניט גע־קענט. עסנדיק זיינען זיי געגאַנגען אַלץ ווייטער און ווייטער אויף מזרח און האָבן זיך געהויבן אויף היגלען אַלץ העכער און העכער.

אָדלעראויג האָט געזאָגט:

— אויב מיר וועלן זיך אויפהייבן העכער אין דער זייט, וווּ די זון גייט אויף, וועלן מיר דערגיין ביז די בלויע בערג.

איבערגענעכטיקט האָבן זיי אויף א בוים.

אין רעכטן מיטן פון צווייטן טאָג האָבן זיי דערגרייכט דעם העכסטן שפּיץ פון די בערג.

קיינער פון זייער קלאַן (גרויסער פאַמיליע) איז קיינמאָל נאָך ניט געווען אָפּגעגאַנגען אַזוי ווייט פון דער הייל און קיינער האָט ניט געזען דאָס, וואָס ס'האָבן איצט געזען אָדלעראויג, פלינקפוס און דער צווילינג.

עס האָט זיך זיי געדוכט, אַז פאַר זייערע אויגן האָט זיך אויס־געשפּרייט די גאַנצע וועלט. זיי האָבן געוואָרפן א בליק אויף צוריק צו מערב צו און האָבן דערזען אונטער זייערע פיס גרינע וועלדער און אין דער בלויער ווייט — א שמאָל זילבער פּאַסיקל. דאָס איז געווען זייער טייך. זיי האָבן א בליק געטאָן אויף דרום און האָבן

דערזען װאַסער. אַזױ פיל װאַסער, אַז זײ האָבן זיך אַפילו ניט פאָר־געשטעלט, אַז עס קאָן זײַן אַזױ פיל װאַסער אויף דער ערד. זײ האָבן ניט געװוּסט, װאָס דאָס איז אַזױנס. זײ זײַנען אַפילו ניט געװען זיכער, אַז דאָס איז װאַסער. זײ האָבן דאָך קײנמאָל ניט געהערט װעגן ים.

זײ זײַנען געשטאַנען שטיל, האָבן קוים געאָטעמט פון פאַרװוּנ־דערונג און אויפמערקזאַם געקוקט אויף דעם, װאָס האָט אויסגעזען װי אַ װאַסער.

מיטאַמאָל האָט אָדלעראויג ערנסט אויסגערעדט:

— דאָס איז דער ברעג פון דער װעלט.

— לאָמיר גײן צום סאַמע ברעג — האָט פלינקפוס געזאָגט: — אפשר װעלן מיר דאָרטן דערזען, װו די זון באַהאַלט זיך, װען עס װערט פינצטער.

איר זעט, סאַר אַ געװאַגטע, מוטיקע כּרוי פלינקפוס איז געװען.

— אָפּשר שטײען מיר גאָר אויף די בלױע בערג, װאָס האָבן זיך געװזען פון אונדזער הײל ? — האָט רויטקעפּל געפרעגט — די בערג זײַנען אָבער גאָרניט קײן בלױע.

— קוק זיך אַרום. אַלץ איז דאָך בלױ — האָט זיך אָפּגערופן רויט־פליג: — און דאָרטן אויפן ברעג פון דער װעלט איז אויך אַלץ בלױ. ניט בלױ איז נאָר דאָס, װאָס איז נאָנט אַרום אונדז.

— מיר װעלן געװיס דאַרפן דורכגײן אַ בלױ לאַנד, אײדער מיר װעלן קומען צום ברעג פון דער ערד — האָט געזאָגט רויטקעפּל.

אָדלעראויג איז געשטאַנען און געשװיגן. זײַנע אויגן האָבן אויפ־מערקזאַם אַלץ באַקוקט. ער האָט געװאָלט פאַרשטײן, װי אַזױ מע קומט צום ברעג פון דער װעלט, און ער האָט זיך געמיט צו געדענקען גוט דעם װעג. װען ער האָט אַלץ באַקלערט, האָט ער זיך געװענדעט צו פלינקפוסן און צום צװילינג:

— איר זעט יענעם פּאַסיקל ערד ? עס װעט אונדז ברענגען צום סוף פון דער װעלט.

אָדלעראויג איז געגאַנגען פאָרויס. די מוטער מיטן צװילינג — נאָך אים. מע איז געגאַנגען איבער װעלדער, היגלען, קלײנע טײַכלעך, אַלץ אויף דרום. מען האָט װידער גענעכטיקט אויף אַ בוים.

אין אָװנט זײַנען זײ שױן געשטאַנען אויף הױכע פעלזן אויפן ברעג פון דער װעלט. אַזױ האָבן זײ געמײנט.

פון מזרח און מערב װײַט, װײַט, װו דאָס אויג האָט נאָר געקאָנט דערגרײכן, האָט זיך אויסגעשפרײט װאַסער, טונקל־בלױ װאַסער. הינטן אין צפון־זײַט האָט זיך הינטער אַ פּאַס װאַסער געזען אַ װײַטער ברעג, און בערג און װעלדער אויף אים.

דערווײַל האָט די זון אַפּלאַם געטאָן מיט פּורפּור־רויט. דערנאָך מיט גאָלד און זי האָט זיך באַהאַלטן הינטערן בּרעג פון דער ערד, און אויף מזרח אויפן טונקל־בּלויען הימל איז ארויסגעשווּמען די לבנה, אַ בּלײכע און אַ רונדע. ווי וווּנדערלעך דאָס איז געווען אין זײערע אויגן! נאָך וווּנדערלעכער ווי אַ חלום!

— אויב מיר וועלן זיך מאָרגן פרי אויפכאַפּן, וועלן מיר זען, פון וואַנען די זון גײט אויף—האָט פּלינקפוס געזאָגט.

זיי האָבן זיך געזעצט אויף די שטײנער און געזען, ווי די שטערן האָבן זיך באַוויזן אויפן הימל. דערנאָך האָבן זיי אויסגעשפּרײט אויף די שטײנער די פעלן און זײַנען אײַנגעשלאָפן.

דאָס גערויש פון וואַסער האָט זיי אויפגעוועקט.

## ערדציטערניש.

אָדלעראויג, פלינקפוס און דער צווילינג זײַנען אזוי פעסט געשלאָפן, אַז זיי האָבן ניט געהערט, ווי עס האמערט דער דונער. זיי האָבן ניט געזען, ווי די לְבָנָה האָט זיך באהאלטן אין די וואָלקנס. אפילו די בליצן האָבן זיי ניט אויפגעוועקט.

נאָכדעם האָט געגומען גיסן אַ רעגן. גאַנצע שטראָמען האָבן זיך געגאָסן פון הימל.

זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון קעלט און נאַסקייט.

רויטפליג האָט אפילו אָנגעהויבן צו וויינען.

די גרויסע ביימער האָבן זיך געבויגן צו דער ערד, און מעכטיקע כוואַליעס זײַנען אָנגעלאָפן אויפן זאמדיקן ברעג; מיטאַמאָל האָבן זיי דערפילט, אַז די פעלזן, וווּ זיי ליגן, ציטערן: דער ציטער איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. די גאַנצע ערד האָט געציטערט און זיך געטרייסלט.

זיי איז שוין אויסגעקומען איבערצולעבן ערדציטערנישן, אָבער די איצטיקע ציטערניש איז געווען די שטאַרקסטע. עס האָט זיך געדוכט, אַז די גאַנצע ערד וועט זיך צעפליען אין שטיקער.

זיי האָבן זיך צוגערוקט נעענטער איינער צו דעם אַנדערן. די קינדער האָבן זיי געהאַלטן אין מיטן שטאַרק ארומגענומען.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ טראַך און קלעפּ פון פעלזן וואָס פאַלן. אַ ריזיקע כוואַליע האָט זיך אויפגעהויבן צו די פעלזן, אזוי ווי זי וואָלט אָנגעלאָפן זיי אראָפּצושווענקען.

די קינדער האָבן אײַנגענורעט די קעפּלעך אין דער מאַמעס שויס און זיי האָבן געציטערט מיט אַלע גלידער.

ביסלעכווײַז האָט זיך דער ווינט אײַנגעשטילט. די כוואַליעס זײַנען געוואָרן קלענער. די ערד האָט אויפגעהערט צו ציטערן. דער דונער האָט זיך געהערט מער ניט פון ערגעץ ווײַט. די וואָלקנס זײַנען אזוי ווי צעגאַנגען. ס'האָט אָנגעהויבן צו טאָגן. פייגל האָבן אָנגעהויבן צו זינגען.

פלינקפוס האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— קוקט — האָט זי געזאָגט צום מאַן און צום צווילינג — די פייגל זינגען. איך האָב געמיינט, אַז עס איז געקומען דער סוף פון דער וועלט, אָבער די וועלט איז גאַנץ און מיר אויך.

דאַן האָבן די איבעריקע אויך אויפגעהויבן די אויגן. וואָס זיי האָבן פאַרמאַכט פון שרעק. און זיי האָבן דערזען אַזוינס, וואָס זיי האָבן פריער נאָך קיינמאָל ניט געזען: אין מיזרח האָט דער הימל אי-בערן וואַסער געפלאַקערט ווי אַ פייער. קליינע ראָזעווע וואָלקנדלעך האָבן זיך געטראָגן און זיינען צערונען געוואָרן אין בלויען הימל. דערנאָך האָט דער גרויסער פייער-רויטער באַל פון דער זון זיך אָנגעהויבן פּאַמעלעך צו הייבן פון וואַסער.

שווייגנדיק און פאַרטראַכט האָבן זיי באַגלייט מיט די אויגן די זון, ווי זי האָט זיך אַלץ העכער און העכער געהויבן אין בלויען הימל. ווען זי איז אין גאַנצן פאַרגאַנגען, האָבן זיי זיך ווידער אין שרעק אויס-געצויגן מיטן פּנים צו דער ערד.

דאָס האָבן זיי זיך געבוקט צו דער זון.

ווען די זון איז אויפגעגאַנגען, איז מיטאַמאָל אַרום אין דער נאַטור אַלץ פול געוואָרן מיט פרייד. אונדזער פאַמיליע האָט זיך באַלד פאַרגעסן אָן דער שרעקלעכער נאַכט. זיי האָבן דערפילט, אַז זיי זיינען הונגעריק. פון די גרויסע כוואַליעס, וואָס האָבן ביי דער נאַכט זיך געגאָסן אויפן ברעג, זיינען געבליבן לוזשעס. אין איינער אַזאַ לוזשע איז איבערגעבליבן אַ פיש.

אָדלעראויג איז פלינק אַראָפּגעקראָכן פון פעלז צום ברעג און האָט אָנגעכאַפּט דעם פיש.

זיי האָבן אומגעריכט געהאַט גאָר אַ גוטן פרישטיק.

די מוטער און די קינדער האָט געצויגן אַהיים, צו דער זיכערער הייל. ווי לאַנג מע האָט געגעסן, האָט זיך פלינקפוס טיף פאַרקלערט. זי איז ניט געוווינט געווען צו טראַכטן. און איר פּנים האָט אויס-געוויזן אַזוי, ווי איר וואָלט עפּעס חיי געטאָן. ענדלעך האָט זי געזאָגט:

— פאָלגט מיך, מיר ווייסן איצט אַזוינס, וואָס קיינער אויף דער וועלט ווייס ניט. מיר האָבן זיך דערוווּסט, וואָס עס געפינט זיך הינ-טער די בלויע ברעג. מיר זיינען דערגאַנגען ביז צום ברעג פון דער וועלט. מיר האָבן געפונען דעם סוד פון דער זון. מיר אַליין ווייסן, אַז זי באַהאַלט זיך אין וואַסער, ווען עס ווערט פינצטער. מער האָבן מיר שוין ניט וואָס זיך צו דערוויסן. און אפשר איז אפילו געפערלעך צו וויסן מער. לאָמיר גיין אַהיים!

— דאָ קען מען זיך נאָך אַפּולע לערנען — האָט אָדלעראויג גע-זאָגט.

—מיר וועלן זיך לערנען, ווען מיר וועלן גיין צוריק—האָט פלינק-פוס געענטפערט.

—אויף יעדן פאַל איז בעסער צו זײַן אין דער היים, אין דער הייל, ווען דאָ וועט נאָך ציטערן די ערד — האָט זיך ארויסגעכאַפּט רויטפליג—און מיר געפעלט אַזוי ניט, ווען עס רעגנט און ס'איז נישטאָ װוּ זיך צו באַהאַלטן.

— און מיר ווילט זיך אומקערן און דערציילן לאַנגפוסן אַלץ, וואָס איך האָב געזען — האָט זיך אָפּגערופן רויטקעפּל — לאַנגפוס באַ-רימט זיך, אַז ער קען אַלץ. אָבער ער האָט קיינמאָל ניט געזען קיין בוים-מענטשן, און קיין ערד-ציטערניש אויך נישט.

אַדלעראויג האָט געשוויגן. ער האָט אויפגעהויבן די פעלן, אויסגעטרייסלט זיי און צוגעבונדן זיך, דער מוטער און די קינדער צו די רוקנס. דערנאָך האָט איטלעכער גענומען זײַן שפּיז און מע איז געגאַנגען ווײַטער.

אַדלעראויג האָט זיי ווידער געפירט צו דעם שמאָלן פּאַס ערד, דורך וועלכן זיי זײַנען פריער דורכגעגאַנגען, איידער זיי זײַנען גע-קומען אויף די פעלזן. אַדלעראויג איז געגאַנגען פאָרויס. מיטאַמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, האָט אַ געשריי געטאָן און איז געבליבן שטיין מיט ברייט צעעפנטע אויגן.

דער שמאָלער פּאַס, דורך וועלכן זיי זײַנען פריער געקומען אַהער, איז פאַרפאַלן געוואָרן, אַזוי ווי אין יַם פאַרזונקען געוואָרן. זיי זײַנען געווען אין גאַנצן אָפּגעריסן פון דער ערד, ווו ס'איז געווען זייער הייל.

—די וועלט איז גאָר אַן אַנדערע געוואָרן נאָך דער ערד-ציטערניש, אַזוי ווי זי וואָלט זיך צעבראָכן... און איין טייל איז אַרײַנגעזונקען אין וואַסער! - האָט אויסגעשריען פלינקפוס - מיר וועלן זיך שוין קיינמאָל ניט אומקערן אין דער הייל. מיר וועלן שוין דאָ בלײַבן ביזן טויט! — האָט זי צוגעגעבן מיט אַ געוויין.

רויטפליג האָט זיך אויך פונאַנדערגעוויינט.

אַדלעראויג האָט געשוויגן. אַלע האָבן געקוקט אויפן וואַסער-גרויסע ביימער, אויסגעריסענע מיט די וואָרצלען, האָבן זיך געטראָגן אויף די כוואַליעס.

לאַנג זיצן אַזוי האָט מען ניט געקענט. פריער פון אַלץ האָט מען געמוזט זוכן שפּײַז. זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן פון די פעלזן נענטער צום וואַסער. צווישן יַם-גראָזן האָבן זיי געפונען מושל-חַיָהלעך. זיי האָבן זיי געשלונגען גייענדיק. דאָס זײַנען געווען אוישטערנס. זיי זײַנען זייער געשמאַק און זעטיק.

באלד האָט מען געפונען אַן אָרט, וואָס איז געווען פארשטעלט פון ווינט, און מע האָט פונאנדערגעלייגט אַ פייער.

אָפגעגעסן און זיך אָנגעוואַרעמט, זיינען אלע געוואָרן פריילעכער.

—קיין הונגער וועלן מיר דאָ שוין ניט ליידן—האָט אָדלעראויג! געזאָגט.

באַרויִקטע זיינען זיי איינגעשלאָפן ביים פייער און זיינען גוט געשלאָפן די גאַנצע נאַכט.

# דער אינדזל.

נאָך דער ערדציטערניש איז אונדזער פאַמיליע געבליבן אויף אַן אינדזל, אויף אַ וואונדערלעכן אינדזל: פון אַלע זײַטן האָבן זיך דאָ געהויבן שפּיציקע פעלזן.

אין זאַמד בײַם ברעג האָבן די קינדער געפונען די זעלטנסטע ים-חיהלעך: ראַקעס, קראַבן, ים-שטערנס, מעדוזעס.

אין די וועלדער צווישן די פעלזן האָבן זיך געפּיטערט ווילדע אָקסן, הירשן.

אין ערגעץ האָבן זיך דאָ אונדזערע וואַנדערער ניט אָנגעשטויסן אויף קיין שפּורן פון טיגערס, הייל-בערן אָדער מענטשן.

אין דער דרומדיקער זײַט פונעם אינדזל האָבן שוין געבליט ווילדע פרוכטביימער און אָנגעפילט די גאַנצע לופט מיט זייער זיסן ריח.

רויטפליג און רויטקעפּל פלעגן גאַנצע טעג אַרומקריכן אויף די פעלזן און זוכן אין די שפּאַלטן אייער פון ווילדע טויבן.

איין מאָל האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ גרויסער הייל, וווּ עס האָבן זיך באַהאַלטן פון דער ליכטיקער שײַן סאָוועס.

די קינדער האָבן דאָס דערציילט דעם פאָטער און דער מוטער.

אָדלעראויג האָט אָנגעצונדן אַ לאַנגן שטעקן און האַלטנדיק דעם ברענענדיקן פאַקל אין דער האַנט איז ער מיט די קינדער אַוועק צו דער הייל פון די סאָוועס. פאַרקלײַבן זיך אַהין איז געווען ניט אַזוי גרינג. מע האָט געדאַרפט זיך אַראָפּלאָזן פון פעלזן ווי פון אַ גלײַכער און גלאַטער וואַנט.

אָדלעראויג האָט דערגרייכט צו דער הייל. מע האָט אָבער געמוזט זײַן פאָרזיכטיק. אין אַזאַ הייל קענען זײַן וועלף אויך. דערפאַר האָט אָדלעראויג אויסגעשטרעקט זײַן שפּיז. די סאָוועס האָבן זיך דערשראָקן פאַרן פאַקל. מיט הייזעריקע געשרייען זײַנען זיי אַרויסגעפלויגן.

אָדלעראויג איז אָן שרעק אַרײַן אין דער הייל. זי איז געווען זייער גרויס און געראַם. די ווענט — פון ווײַסן קאַלכשטיין.

ארויס פון דער הייל, האָט אָדלעראָויג געגומען קלעטערן אויף די אָרומיקע פעלזן, אזוי ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט. באַלד האָט ער מיט אַ פריילעכן קול צוגערופן די קינדער

— איך האָב געפונען אַ קוואַל מיט קלאָרן וואַסער. די הייל וועט זײַן אונדזער היים. קיין בעסערע און זיכערערע היים דאַרפן מיר ניט— האָט ער געזאָגט.

פלינקפוס איז אויך געווען זייער גליקלעך. זי האָט אַ וואָרף געטאָן די הירשענע פעל אויף דער ערד פון דער הייל, האָט אַוועקגעשטעלט דעם שפּיז לעבן דער קאַלכיקער וואַנט.

אזוי האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעבן אין דער נײַער היים. ס'איז געבליבן נאָר איינס צו טאָן — פונאַנדערלייגן אַ פײַער בײַם אַרײַנגאַנג און צוגרייטן אָוונטברויט.

פלינקפוס האָט צעשניטן דאָס פלייש, דער צווילינג האָט געבראָטן שטיקער אויפן פײַער און אָדלעראָויג האָט דערווײַלע דורכגעהאַקט מיט זײַן שטיינערנער האַק אַ וועגעלע צום קוואַל. ס'איז געווען פאַרבאָרגן צווישן קוסטעס און הויכע גראָזן און גיין אַהין האָט מען געקענט אזוי, אַז קיין אויג פון אַ זײַט זאָל ניט זען.

שטעלט זיך פאָר, ווי געשמאַק ס'איז געווען דער ערשטער אָוונטברויט בײַם פײַער פון דער נײַער היים נאָך אַזאַ שווערן און געפערלעכן וועג.

---

# די שפּיל אויפֿן וואַסער

ווען פֿלינקפֿוס האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, האָט די זון אַרײַנגעשײַנט ביז די סאַמע הינטערשטע ווינקעלעך פֿון דער הייל. די ווילדע טרויבן, וואָס זײַנען געוואַקסן אויף די פֿעלזן, האָבן זיך געוויגט און זייער שאָטן האָט געטאַנצט אויף די ווענט.

פֿון דער הייל האָט זיך געזען דער בלויער ים. פֿון ווײַטן — די ברעגעס פֿון דער ערד, וווּ זייער אַלטע היים איז געווען

מעוועס*) האָבן זיך געדרייט איבער די כוואַליעס.

פֿלינקפֿוס האָט גענומען אַן אויסגעהוילטן קירבעס און איז אַוועק צום קוואַל נאָך וואַסער. די איבעריקע זײַנען נאָך געשלאָפֿן.

דערנאָך איז זי אַוועק קלײַבן טרוקענע צווײַגן פֿאַרן פֿײַער.

ווען דער מאַן און די קינדער האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט, האָט זי שוין געגרייט דאָס פֿרישע עסן.

—הײַנט בלײַב איך אין דער הייל—האָט זי געזאָגט צום אָדלעראויג—עס איז אַזוי שווער אַלע ווײַלע צו מאַכן דאָס פֿײַער פֿון דאָס נײַ. איך וועל זיצן בײַם פֿײַער און אים אונטערהאַלטן. די פֿעלכלעך, וואָס די קינדער טראָגן, זײַנען שוין אַזוי אויסגעריבן. איך וועל פֿאַר זיי צוגרייטן די הירשענע פֿעלן, וואָס מיר האָבן נעכטן געבראַכט.

— מיר מוזן צוגרייטן וואָס מער פֿעלן פֿאַר דער קאַלטער צײַט, וואָס וועט נאָך קומען. איך וועל זאָרגן וועגן שפּײַז, און דו וועסט צוגרייטן דאָס עסן, אויסאַרבעטן פֿעלן און אונטערהאַלטן דאָס פֿײַער— האָט געענטפֿערט אָדלעראויג.

אָדלעראויג איז אַוועק אויף יאַגד.

די קינדער האָבן געשטיפֿט לעבן ברעג. זיי האָבן זיך איצט שוין ניט אַזוי געשראָקן פֿאַרן וואַסער.

נאָך יענער שרעקלעכער שטורעמדיקער נאַכט פֿון דער ערד־ציטערניש זײַנען נאָך אַלץ אַרומגעשוווּמען איבערן וואַסער אויסגע־ריסענע ביימער. אַ סך ביימער זײַנען צוגעשוווּמען צום ברעג.

— לאָמיר זיך זעצן אויף זיי און פאָרן, ווי מיר זײַנען דעמאָלט געפאָרן אויפן קלאָץ איבערן טײַך—האָט פאָרגעלייגט רויטקעפל.

רויטפליג פלעגט אַלע מאָל נאָכטאָן דעם ברודער.

זי האָט זיך געזעצט רײַטנדיק אויף איין בוים, רויטקעפל — אויפן צווייטן און זיי האָבן גענומען פאָרן.

אַ ביסל געשווומען, אַ ביסל געגאַנגען איבערן זאַמדיקן גרונט.

דאָס איז געווען אַזאַ פריילעכע שפּיל! מערניט די צווײַגן פון בוים פלעגן זיך אַלע ווײַלע פאַרטשעפּען אין זאַמד אָדער ראַצן די פיס.

די קינדער האָבן צוגעשלעפּט די שטאַמען נענטער צום ברעג. זיי האָבן געוואָלט אָרומברעכן די צווײַגן, אָבער אַנדערע זײַנען געווען צו שטאַרק.

— לאָמיר זיי צוזאַמענפלעכטן אין איינעם — האָט פאָרגעלייגט רויטקעפל.—אפשר וועלן זיי זיך דאַן אַזוי ניט דרייען אין וואַסער.

די קינדער האָבן צוזאַמענגעפלאָכטן די צווײַגן פון ביידע שטאַמען אַזוי, אַז זיי זאָלן זיך ניט פאַרטשעפּען אָן גרונט. זיי זײַנען ווידער אַרויפגעקראָכן אויף די שטאַמען און אַוועקגעפאָרן.

זיי האָבן זיך אַזוי געפרייט מיט דעם אײַנפאַל!

ווען זיי האָבן דערזען, אַז די שטאַמען האַלטן זיך בעסער אויפן וואַסער, זײַנען זיי געוואָרן דרייסטער און האָבן זיך געלאָזט שווימען איבער אַ טיפערן אָרט.

דאָס איז שוין געווען איינמאָל אַ שפּיל!

---

# דער פּליט.

דעם גאַנצן פרימאָרגן זײַנען די קינדער אַרומגעפאָרן. נאָך בעסער איז געווען, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער צופלוס. די לאַנגע כוואַליע האָט אויפגעהויבן דעם פּליט און אַוועקגעטראָגן די קינדער ווײַט אויפן ברעג. זיי האָבן געקוויטשעט פאַר פרייד.

פלינקפוס איז געווען אַזוי אַרײַנגעטאָן אין איר אַרבעט, אַז זי האָט זיך גאָר פאַרגעסן אָן די קינדער.

דערהערט זייערע געשריי־ען, איז זי צו צום אַרויסגאַנג פון דער הייל.

דערזען, וואָס זיי טוען, איז זי ניט טויט, ניט לעבעדיק אַראָפּגעלאָפן צום ברעג.

— אָך, איר, שלעכטע, נאַרישע קינדער! — האָט זי זיך געבייזערט אויף זיי — אַ פיש וועט דאָך אײַך אויפעסן, איר וועט זיך דאָך דערטרינקען, אויב איר וועט אַזוינס טאָן!

די קינדער האָבן צו איר צוגעשריִען פון וואַסער:

— אוי, מאַמע, מיר טוען דאָס אַ גאַנצן פרימאָרגן, קיין פיש האָט אונדז ניט אויפגעגעסן, און מיר האָבן זיך ניט דערטרונקען. פּרוביר אַליין, וועסטו זען, ס'איז אַ פאַרגעניגן דאָס איז!

פלינקפוס האָט ניט געוואָלט פּרובירן. זי האָט זיך אָנגעבייזערט און איז צוריק אַרײַן אין דער הייל.

די קינדער האָבן געמיינט, אַז די מוטער זעט זיי ניט, און זיי האָבן זיך ווידער געזעצט אויף די שטאַמען. אַ כוואַליע האָט זיי אויפגעהויבן און זיי ווידער אַרויסגעוואָרפן אויפן ברעג.

פלינקפוס האָט זיך ווידער באַוויזן מיט אַ שטעקן אין האַנט.

— איר פאָלגט מיך ניט — האָט זי געזאָגט — נו, וועל איך אײַך געבן! און זי האָט זיי גענומען שלאָגן מיטן שטעקן איבער די נאַקעטע פיס.

די קינדער האָבן גענומען לויפן צו דער הייל. פלינקפוס האָט זיי נאָכגעיאָגט און אַלץ געשלאָגן.

זיי האָבן אופגעהויבן אַ ליאַרעם ביזן הימל.

* * *

אין אָװנט האָט זיך אומגעקערט אָדלעראױג. ער האָט געבראַכט צװײ לעבעדיקע קיניגלעך. ער האָט זײ געכאַפּט מיט אַ נעץ.

דער צװילינג האָט זיך אַזױ דערפרײט מיט די קיניגלעך, אַז מע האָט זיך גאָר פאַרגעסן אָן די קלעפּ.

— לאָמיר זײ לאָזן לעבן, די קיניגלעך! — האָבן זיך געבעטן די קינדער — זײ װעלן ניט אַװעקלױפן. מיר װעלן זײ צובינדן פאַר די פיס.

— מיר קענען אױך אָנברעכן שטעקעלעך, אַרײַנהאַקן זײ אין דער־ערד און מאַכן אַ פאַרצאַמונג, די קיניגלעך זאָלן ניט אַנטלױפן. גיב מיר, טאַטע, דײַן שטײנערנע האַק, װעל איך דאָס מאַכן — האָט רױטקעפּל געזאָגט.

— נעמט די האַק, אָבער זעט זי צו ברענגען צוריק אין דער הײל אַרײַן — האָט אָדלעראױג זײ שטרענג אָנגעזאָגט.

דערװײַלע האָט מען די קיניגלעך צוגעבונדן צו אַ בױם.

צװײ טעג האָט געדױערט, ביז װאַנען די קינדער האָבן געמאַכט די פאַרצאַמונג. די האַק האָבן זײ אָבער פאַרװאָרפן און מע האָט זי געפונען ערשט אין דרײַ טעג אַרום.

װען די קינדער זײַנען ניט געװען אין דער הײל, האָט פלינק־פוס דערצײלט דעם מאַן װעגן פליט, װאָס זײ האָבן געמאַכט.

— דו קענסט אים זען אױפן ברעג, דעם פליט — האָט זי געזאָגט — איך מײן, אַז דאָס איז געװען זײער קלוג פון זײ צו מאַכן אַזאַ זאַך. זײ האָב איך דאָס אָבער ניט געזאָגט.

אָדלעראױג איז אַראָפּ צום ברעג, האָט גוט באַטראַכט דעם פליט. ער האָט אים אַראָפּגעשטופּט אין װאַסער אַרײַן און איז זיך אױף אים דורכגעפאָרן. ער האָט זיד אומגעקערט אין הײל און דעם צװילינג קײן זאַך ניט געזאָגט. די קינדער האָבן אָבער באַמערקט זײַנע אָפּגעװאַשענע פיס. האָבן זײ גלײַך פאַרשטאַנען, װאָס ער האָט געטאָן, און זײ האָבן זיך איבערגעװונקען.

---

## א גוטע צײַט

דער זומער איז זיך געגאַנגען. ס'איז געװען גענוג פיש, אױסטערנס, קראַבן, שנעקעס, װאָרצלען, פײגל, יאַגדעס, װילדע בלומען און אַנדערע שפּײַז.

דער צװילינג און זײַערע עלטערן זײַנען דיק געװאָרן.

פּלינקפּוס איז ניט געגאַנגען אױף יאַגד װי אַמאָל. אַדלעראָװיג פלעגט ברענגען אַזױ פיל, אַז עס פלעגט קלעקן פאַר אַלעמען.

פּלינקפּוס פלעגט צוגרײטן שפּײַז, אױסאַרבעטן פעלן, אױפפּאַסן אױף די קינדער, היטן דאָס פײַער.

דער צװילינג האָט געהאָדעװעט די קראָליקעס, געפיטערט זײ אַלע טאָג מיט פרישע בלעטער.

באַלד זײַנען צוגעקומען אין שטײַג נאָך זעקס קראָליקעס.

—מיר קאָנען מאַכן אַ גרעסערע שטײַג און האַלטן מער קראָליקעס—האָט געזאָגט אַדלעראָװיג—דאַן װעלן מיר האָבן װינטער װאָס צו עסן.

—דאָס איז אַ גוטער געדאַנק—האָט זיך אָפּגערופן פּלינקפּוס;—די קינדער קאָנען זײ פיטערן. איך װעל אױפפּאַסן, זײ זאָלן ניט פאַרגעסן.

אין מיטן זומער האָבן זײ שױן געהאַט אַ גרױסע שטײַג מיט אַ סך קראָליקעס.

די אײַנװױנער פון אונדזער הײל זײַנען זײער רײַך געװאָרן: זײ האָבן פאַרמאָגט אַ פּראַקטיקע הײל, אַ פולע פעלן און גאָר פיל שפּײַז.

פלינקפוס האט זיך געמאכט א נאדל פון ביין. זי האט צוזאמענ־
גענייט ווייכע פעלן, דאס האט זי זיך געגרייט צום קאלטן ווינטער.
זי האט אפילו געמאכט א שיינעם האלדזבאנד פון מושעלעך פאר דער
פייערפליג און פאר זיך.

איינמאל זיינען זיי אלע געזעסן לעבן דער הייל. האט פלינקפוס
געזאגט:

— מיר האבן אלץ, אבער נאר איין זאך ווילט זיך מיר: עס וואלט
זיך וועלן, אז דא זאלן זיין מער מענטשן. עס זאל זיין מיט וועמען
זיך דורכצוריידן.

— איך וואלט געוואלט, די באבע זאל דא זיין. איך וואלט אויך
וועלן ווייזן לאנגפוסן אונדזערע קראליקעס — האט זיך אפגערופן
רויטקעפל.

— און איך — מיין האלדזבאנד — האט צוגעגעבן פייערפליג.

— דאס וואסער האט דאך אונדז פון אלעמען אפגעשניטן! — האט
רויטקעפל אויסגעשריען.

אדלעראויג האט געשוויגן, ווי זיין שטייגער איז געווען. אבער
ער האט אלץ געטראכט וועגן דעם שטאם, וואס די קינדער זיינען
אויף אים אריבער דעם טייך, און וועגן דעם פליט, וואס זיי האבן
געמאכט.

* * *

אין גיכן האט פלינקפוס באמערקט, אז אדלעראויג גייט אוועק
אויפן גאנצן טאג, אבער גאר אפט קערט ער זיך אום מיט ליידיקן.

איינמאל האט זי דערהערט דעם קלאפ פון זיין שטיינענער האק,
אזוי ווי ער וואלט געהאקט א בוים. פיל האט זי אבער וועגן דעם ניט
געטראכט. א סך טעג נאכאנאנד האט זי נאכדעם געהערט דאס קלאפן
פון זיין האק. אזוי ווי פון ברעג האט זיך דאס געהערט.

איינמאל האט זי אים געפרעגט:

— וואס טוסטו דאס מיט דיין האק? איך הער דאס קלאפן אלע
טאג.

אדלעראויג האט איר ניט געזאגט, וואס ער טוט.

— מיט דער צייט, אז איך וועל ענדיקן, וועסטו זען — האט ער
געענטפערט.

דער צווילינג האט אויך געהערט דאס קלאפן פון דער האק.
זיי האבן באשלאסן זיך צו דערוויסן, וואס דער פאטער טוט.

# דאָס ערשטע שפּיל

אויף מאָרגן האָבן זיך די קינדער געשפּילט הינטער דעם הײַ. פֿײַערפֿליג האָט באַמערקט אַ רויך אין וואַלד—אין דעם אָרט, וווּ דאָס טײַכל פֿאַלט אין ים אַרײַן. פֿון דאָרטן האָט זיך אויך געהערט דאָס קלאַפּן פֿון דער האַק. די קינדער זײַנען אַוועקגעלאָפֿן צום ברעג. דער פֿאָטער האָט געאַרבעט איבער אַ שטאַם פֿון אַ גרויסן בוים. בײדע עקן האָט ער געמאַכט רונדלעך. פֿון אויבן האָט ער אָפּגעהאַקט שטיקלעך האָלץ און דער שטאַם איז געוואָרן פֿלאַציק. איצט האָט ער. ווײַזט אויס, געוואָלט אויסהוילן דעם מיטן: ער האָט געהאַקט מיט דער האַק און ביסלעכווײַז אויסגעבּרענט דאָס האָלץ מיט פֿײַער.

אָדלעראויג האָט ניט באַמערקט, ווי די קינדער זײַנען צו אים צוגעגאַנגען.

— וואָס טוסטו דאָס, פֿאָטער?—האָט רויטקעפּל געוואַגט צו פֿרעגן.

אָדלעראויג האָט אויפֿגעהערט אַרבעטן.

— איך בין ניט זיכער, צי מיר וועט זיך עס אײַנגעבן— האָט ער געענטפֿערט— דערפֿאַר וויל איך וועגן דעם ניט ריידן. אַז איך וועל אויסהוילן דעם גאַנצן מיטן פֿון בוים, וועל איך זען, צי דער בוים וועט קאָנען שווימען, ניט דרייענדיק זיך. דאַן וועל איך, קאָן זײַן, אין אים אַרײַנקריכן און פּרובירן שווימען, וווהין איך וועל דאַרפֿן.

און אָדלעראויג האָט זיך ווידער גענומען הוילן דעם בוים.

די קינדער פֿלעגן איצטער אַלע טאָג גיין צום ברעג און קוקן אויף דעם פֿאָטערס אַרבעט.

איינמאָל האָבן זיי געזען, ווי דער פֿאָטער וואַרפֿט אַרויס שוין די לעצטע שפּענדלעך פֿון דעם אויסגעהוילטן בוים.

— ווען עס וועט זיך אָנהייבן דער צופֿלוס, וועל איך אַראָפּשטופּן דעם קלאָץ אין וואַסער אַרײַן און וועל פּרובירן זיך דורכפֿאָרן. אָפּשטופּן וועל איך זיך מיט אַ שטעקן—האָט דער פֿאָטער געזאָגט.

ווען דאָס וואַסער איז צוגעקומען, האָט אָדלעראויג אַראָפּגעלאָזן דעם קלאָץ אין וואַסער אַרײַן און איז נאָכגעגאַנגען האַלטנדיק זיך פֿאַר אים. ווען ער איז געקומען צו אַ טיפֿערן אָרט, האָט ער געפּרוווט

אַרײַנקריכן אין קלאָץ. אָבער דער קלאָץ האָט זיך איבערגעדרייט און אַדלעראויג איז אַרײַנגעפאַלן אין וואַסער.

די קינדער האָבן זיך צעלאַכט און אַפילו גענומען שפּרינגען פון פרייד.

אַדלעראויג האָט זיך אויפגעהויבן און פּרובירט א צווייטן מאָל אַרײַנגיין אין קלאָץ. איצט האָט זיך עס אים אײַנגעגעבן. דאָס שיפל האָט זיך נאָך אָבער אַלץ געדרייט—ניט געווען קיין גלײַכגעוויכט.

אַדלעראויג האָט אָנגעשאָטן אין שיפל זאַמד. עס איז געוואָרן שווערער און ס׳האָט זיך שוין אַזוי ניט געדרייט.

ער האָט זיך ווידער אַרײַנגעזעצט.

ער האָט אָפּגעשטופּט דאָס שיפל מיטן שטעקן און גענומען שווימען אין דער זײַט, ווו ער האָט געוואָלט.

דאָס איז געווען א פֿײַערלעכער מאָמענט.

— איך וועל שווימען נאָענט צום ברעג און וועל פּרובירן אַרומשווימען אַרום פעלז—האָט אַדלעראויג געזאָגט צו די קינדער.

דער צווילינג איז אויך גיך אַרויפגעלאָפן אויפן בערגל צו דער הייל. זיי האָבן פון אויבן געוואָלט באַגלייטן דעם פאָטער מיט די אויגן אויף זײַן גאַנצן וועג.

פלינקפוס איז דערווייל געזעסן אין הייל. זי האָט געפלאָכטן א קויש צו קלײַבן יאַגדעס.

ווען די קינדער זײַנען אַרײַנגעלאָפן אין הייל, האָט זי ליט זייער אויסזען גלײַך פאַרשטאַנען, אַז עס האָט עפּעס פּאַסירט ניט קיין געוויינלעכעס.

— אויף וואָס קוקט איר דאָס? — האָט זי זיי געפרעגט.

— זע, זע! — האָבן זיי איר געוויזן מיטן פינגער אויפן שיפל, וואָס אויף אים איז אונטן געפאָרן זייער פאָטער.

דאָס איז דאָך געווען דאָס ערשטע שיפל, וואָס א מענטש האָט געמאַכט; אויף יעדן פאַל—דאָס ערשטע שיפל, וואָס מע האָט אויף דעם טייל פון דער ערד געמאַכט.

פלינקפוס האָט פון אויפרעגונג ניט געקאָנט אויסריידן קיין וואָרט. ווי א ציג האָט זי גענומען שפּרינגען פון פעלז צום ברעג. די קינדער האָבן זי קוים געקאָנט נאָכהאַלטן. זי איז געקומען די ערשטע צום וואַסער. אין לויפן איז זי אַלע מאָל געווען די ערשטע.

ווען די קינדער זײַנען צוגעלאָפן צום וואַסער, איז שוין פלינקפוס געשטאַנען אין שיפל צו גלײַך מיט אַדלעראויגן. זי איז טאַקע געווען זייער א געוואַגטע פרוי, פלינקפוס!

## א רייזע אויפֿן שיפֿל

אַדלעראויג האָט גענומען דעם צווילינג אויף זײַן שיפֿל זיך דורכפֿאָרן.

די מוטער האָט געקוקט אויף זיי פֿון ברעג.

פֿון דעם שיפֿל זײַנען זיי אַלע געווען אַזוי אויפגערעגט, אַזוי גליקלעך, אַז זיי זײַנען געבליבן אויפֿן וואַסער ביז נאַכט.

די לְבָנה איז אויפגעגאַנגען, און זיי האָבן נאָך אַלץ ניט געטראַכט וועגן עסן.

עס איז געגאַנגען אַ טאָג נאָך אַ טאָג. אַדלעראויג האָט אַלץ געאַרבעט אויף זײַן שיפֿל. ער האָט געפּרוּווט פֿאָרן אויף אים ווײַטער פֿון ברעג און האָט באַמערקט, אַז עס קען שווימען אויף טיפֿערע ערטער אויך, ווען ער רודעוועט מיט אַ שטעקן מיט אַ ברייטן שפּיץ. ער האָט פֿריער געפּרוּווט רודערן מיט די הענט. דערנאָך האָט ער געמאַכט מיט זײַן מעסער אַ ווערסלע.

מאַכן די ערשטע ווערסלע איז געווען אַ שווערע שטיקל אַרבעט.

ער האָט אויף דעם געפּאַטערט פֿיל צײַט. דערפֿאַר האָט ער זיך גוט באַקענט מיט זײַן אומגעלומפּערטן שיפֿל. ער האָט זיך אויסגעלערנט פֿאָרן אַזוי, אַז דאָס שיפֿל זאָל זיך האַלטן גלײַך און זאָל שווימען אין דער ריכטונג, אין וועלכער ער וויל. עס זאָל שווימען לאַנגזאַם און גיך.

ער האָט געוואַגט אַרויסצופֿאָרן ווײַט אין יַם אַרײַן. איז צוגעפֿאָרן צו דעם פֿעלז, ווו עס האָבן זיך גענעסטלט מעוועס. ער האָט געזען, ווי עס שווימען פֿיש אין וואַסער, אָבער כאַפּן זיי האָט ער ניט געקענט.

ער האָט זיך אומגעקערט אין דער הייל און געהייסן, אַז פֿלינקפֿוס זאָל אויספֿלעכטן אַ נעץ פֿון פּאַסקעס לעדער. ער וועט עס אַראָפּלאָזן אין וואַסער. אפשר וועט ער דערמיט כאַפּן פֿיש.

— געווים — האָט ער געזאָגט צו דער פֿרוי: — מיר פֿאַנגען מיט אונדזערע נעצן קיניגלעך, פֿאַרוואָס זאָלן מיר ניט פֿאַנגען קיין פֿישן!

— אויב מיר וועלן קענען פאנגען פיש, וועלן מיר האָבן מער שפּײַז, וויפל מיר דאַרפן, ווען מיר זאָלן אפילו ניט גיין אויף יאַגד — האָט אָדלעראָויג געזאָגט.

פלינקפוס האָט זיך גענומען פאַר דער אַרבעט. גאַנצע טעג האָט זי געפלאָכטן אַ גראָבע נעץ פון רימענס. אָדלעראויג האָט געמאַכט האַקנס פון ביין און האָט זיי צוגעפעסטיקט צו לאַנגע שטריק פון לעדער.

* * *

סוף זומער האָבן זיך די קינדער אויסגעלערנט פאַנגען פיש אין טײַכל אויף אַ ווענדקע.

דער פאָטער האָט זיי געלערנט פאַרוואַרפן די נעץ אין אַ טיפן אָרט, פאַרפעסטיקן זי צווישן צוויי פעלזן און פאַנגען פיש. וואָס שווימען אין דער טיפעניש.

אָדלעראויג האָט ליב געקראָגן זײַן שיפל. ליב איז אים געווען ארויסצופאָרן אין ים. ער איז געפאָרן אַרום ברעג אין אַלע ריכטונגען און האָט שוין באַלד געוווּסט אַלע בוכטעס און אַלע אינדזלען.

איינמאָל האָט ער געזאָגט צו דער פלינקפוס:

— איך וועל אָנלאָדן מײַן שיפל מיט שפּײַז אויף עטלעכע טעג. איך וויל זען, צי קען איך ניט פאָרן צו דער ערד, פונוואַנען מיר זײַנען געקומען. דאָס איז גאָר ניט אַזוי ווײַט. איך בין שוין געפאָרן אויף מײַן שיפל ווײַטער.

— איך האָב מורא, דו וועסט זיך דערטרינקען — האָט זיך אָפּגערופן פלינקפוס — וואָס וועלן מיר טאָן אָן דיר?

איר וועט אַליין קענען זאָרגן וועגן זיך. די קינדער קענען פאַנגען פיש אין טײַכל. איר האָט קיניגלעך און אוישטערנס. עס וועט אײַך גאָרניט פעלן די צײַט, וואָס איך וועל ניט זײַן מיט אײַך — האָט געענטפערט אָדלעראויג.

— אָבער מיר וועלן זײַן אַזוי עלנט! — האָט פלינקפוס געזאָגט. — און ווי, אַז דו וועסט זיך קיינמאָל שוין ניט אומקערן צו אונדז?

— איך וועל זיך אומקערן! — האָט זי אָדלעראויג באַרויקט — דו וועסט שוין זען!

פלינקפוס האָט געוווּסט, אַז אירע רייד וועלן ניט העלפן. האָט זי געשוויגן.

אויף מאָרגן האָט זי צוזאַמען מיטן צווילינג געהאָלפן דעם מאַן אָנלאָדן אין שיפל הירשנפלייש, ווילדע פלוימען, אייכלעך. דערנאָך האָט אָדלעראויג אַרײַנגעלייגט אין שיפל זײַן שפּיז, די שטיינערנע האַק, האַקנס, רימענס און איז אַליין אַרײַן.

אַלע דריי זײַנען געשטאַנען אױפֿן ברעג און האָבן אים לאַנג באַגלייט מיט די אױגן, ביז װאַנען פֿון שיפֿל איז געװאָרן אַ קליין שװאַרץ פּינטעלע. דאַן זײַנען זיי אַלע לאַנגזאַם אַװעק צו דער הייל.

* * *

נאָך דעם זײַנען פֿאַרלאָפֿן אַ פּולע אומרויִקע טעג און נעכט. פּלינקפּוס האָט װידער אָנגעהױבן צו גיין אױף יאַגד.

זי פֿלעגט מיטנעמען דעם צװילינג און לערנען די קינדער.

— אױב איר װעט זיך אױסלערנען צו זײַן יעגער און שטעלן פּאַנגנעצן אַזױ גיך און גוט, װי איר האָט זיך אױסגעלערנט פֿאַנגען פֿיש, װעט איר קענען זאָרגן פֿאַר זיך, װען מיט מיר װעט זיך עפּעס טרעפֿן — האָט זי געזאָגט.

מע האָט זיך געמוזט גרייטן צום װינטער. זיי האָבן געקליבן ניס און צוזאַמענגעלייגט זיי אין אַ קופּע אין װינקל פֿון דער הייל. זיי האָבן אױך אָנגעזאַמלט פֿיל טרוקענע צװײַגן פֿאַרן פֿײַער.

אַזױ זײַנען אַװעק פֿיר לאַנגע װאָכן. באַלד איז אָנגעקומען דער טאָג, װען עס האָט געגומען בלאָזן אַ קאַלטער װינט.

ס'איז געװען קענטיק, אַז דער זומער ענדיקט זיך...

פּלינקפּוס און דער צװילינג זײַנען אַװעק צום ברעג זאַמלען מושל־חיהלעך אױף אונטערברױט. זיי האָבן געהאַט מיט זיך אַ קויש. פּלינקפּוס האָט דאָס אױסגעפֿלאָכטן פֿון בייגעװדיקער קאָרע. דער קויש איז שוין געװען פֿול. עס איז געװען אין דער צײַט פֿון אָפּ־פֿלוס. מיטאַמאָל האָט זיך דאָס װאַסער גענומען הייבן, און מיט אַזאַ גיכקייט, אַז זיי האָבן געמוזט נעמען לױפֿן, כּדי זיך צו ראַטעװען אױף די פֿעלזן. פּלוצלונג האָבן זיי דערהערט אַ געשריי הינטער זיך.

פּלינקפּוס האָט זיך אַזױ דערשראָקן, אַז זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אױפֿן קויש מיט די מושל־חיהלעך.

זיי האָבן אַ קוק געגעבן אױפֿן ים און — האָבן דערזען װייער אייגן שיפֿל. אין דעם איז געשטאַנען אָדלעראױג און האָט צו זיי גע־מאַכט מיט די הענט. אין שיפֿל האָבן זיך געזען נאָך דריי קעפּ. װעמענס קעפּ דאָס זײַנען געװען, האָט מען ניט געקענט זען.

זיי האָבן איבערגעלאָזן דעם קויש און זײַנען געלאָפֿן צום װאַסער.

װען דאָס שיפֿל איז צו נענטער צום ברעג, האָבן זיי דערקענט די גאַנצע. זי איז געזעסן אַן איבערגעשראָקענע אױפֿן דעק פֿון שיפֿל און האָט זיך געהאַלטן מיט די הענט פֿאַר די ברעגעס. הינטער איר זײַנען געזעסן „שװאַרצפֿױגל" און „לאַנגטראָט".

ווי נאָר דאָס שפּיל איז צו צום ברעג, זענען ביידע יינגלעך פלינק אַרויסגעשפּרונגען. זיי האָבן שיר ניט אַנידערגעוואָרפן די באַנק.

דעם רויטקעפּל האָבן זיי געגעבן מיט די קעפּ אַ זעץ אין בויך, אַ קלאַפּ אין קאָפּ. די רויטפּליג האָבן זיי אַ שטופּ געטאָן אַזוי, אַז זי האָט זיך איבערגעקוליעט.

אַזוי האָבן זיי אויסגעדריקט זייער פרייד, וואָס מע זעט זיך ווידער.

---

# אדלעראויג דערציילט וועגן זיין רייזע

ווען די באָבע און אָדלעראויג זיינען ארויס פון שיפל, האָבן אלע פיר קינדער גענומען שפרינגען ארום זיי און שרייען פון פרייד. פלינקפוס האָט אויך געטאַנצט מיט זיי.

ווען זיי האָבן זיך א ביסל איינגעשטילט, האָט די באָבע אָנגעכאַפּט דאָס רויטקעפל און די רויטפליג און זיי א גוטן טרייסל געטאָן.

— אָ, איר קליינע האַריקע פיסלעך! — האָט זי אויסגערופן — איר זייט גאַנץ און געזונט און פעט ווי קראַליקעס!.. און מיר האָט געריסן דאָס האַרץ, ווייל איך האָב ניט געוווּסט, וואָס מיט אייך איז געוואָרן!

פון יענעם פרילינג-פרימאָרגן, ווען די קינדער זיינען אנטלאָפן פון דער הייל, איז שוין אוועק אזוי פיל צייט, אז די קינדער האָבן פון אָנהייב ניט פאַרשטאַנען, וועגן וואָס זי רעדט. זיי האָבן דאַן גאָר ניט געטראַכט וועגן דעם, וואָס די באָבע קען דערפילן, ווען זי וועט זיך ארומזען, אז זיי זיינען ניטאָ.

אָדלעראויג האָט גענומען לאַכן.

— איך האָב געבראַכט די באָבען, זי זאָל אייך אָפּגעבן, וואָס איר האָט פאַרדינט — האָט ער געזאָגט — זי וועט נעמען א שטעקן און אייך אָנלערנען דערפאַר, וואָס איר זייט אנטלאָפן און איר א וואָרט ניט געזאָגט.

— איצט וואַרט, ביז וואַנען איך וועל געפינען א שטעקן — האָט די באָבע געזאָגט און זיי אָנגעקוקט בייזלעך.

די קינדער האָבן אָבער גוט געוווּסט, אז זי פרייט זיך מיט זיי. זיי האָבן זי אָנגעכאַפּט פאַר די הענט און גענומען שלעפּן אויפן בערגל. שוואַרצפיגל און לאַנגטראָט האָבן אונטערגעשטופּט די באָבען פון הינטן.

אָדלעראויג האָט ארויסגעצויגן זיין שיפל אויפן זאַמד און איז צוזאַמען מיט פלינקפוסן געגאַנגען צו דער הייל.

זי האָט געטראָגן דעם קויש מיט די מושל-חיהלעך.

ווען זיי זיינען געקומען צו דער הייל, האָט דאָס פייער פריילעך געפלאַקערט. פלינקפוס האָט געוויזן דער באָבען די קופּע ניס, די פעלן און ווי אזוי צוצוגרייטן די מושל-חיהלעך צום עסן.

דער צווילינג האָט אוועקגעפירט די יינגלעך ווייזן די קראַליקעס. דערנאָך האָט געמוזט די באָבע גיין זיך איינקוקן אויף זיי.

דער אָונטבּרויט איז געווען אַ יום-טובדיקער: געבּראָטענע הירשנפליישׁ מיט-ים-זאַלץ, מושל-חָיהלעך, ניס און ווילדע פלוימען.

נאָכן עסן האָט פלינקפוס געזאָגט צו איר מאַן:

— איצט דערציי״ל אונדז וועגן דײַן רײַזע. מיר האָבן דאָך אַזוי לאַנג געלעבּט אַליין, אָן דיר.

אָדלעראויג האָט דערציי״לט:

— איך בּין גיך צוגעפאָרן צום צווייטן בּרעג. דערנאָך האָב איך פאַרקירעוועט מײַן שיפל צום מַערב זײַט. איך בּין געפאָרן פאַזע בּרעג און בּין צוגעפאָרן צו דעם אָרט, וווּ מיר זײַנען דעם טײַך אַריבּערגעגאַנגען, ווען מיר זײַנען געגאַנגען אַהער. איך האָב געוווּסט, אַז אונדזער טײַך גיסט זיך אַרײַן אין אַ גרויסן וואַסער. בּין איך אַרײַנגעפאָרן אין ערשטן טײַך, וואָס איך האָב אָנגעטראָפן. בּײַנאַכט בּין איך געשלאָפן אין שיפל, די ערשטע נאַכט האָב איך זיך אויפגעכאַפּט פון אַ וועלפישן געבּיל. איך האָב אָבּער אַראָפּגעשטופּט מײַן שיפל אין וואַסער און זיי האָבן צו מיר ניט געקענט צוקומען.

צוויי טעג בּין איך געשוווּמען אַרויף וואַסער. אויפן צווייטן טאָג האָב איך שוין בּאַגעגנט בּאַקאַנטע ערטער. אויפן דריטן טאָג אין דער פרי בּין איך צוגעפאָרן צו דעם וועגעלע, וואָס פירט פון טײַך צו אונדזער אַמאָליקער הײל. גראָד אין דעם מאָמענט איז די בּאָבּע געגאַנגען נאָך וואַסער.

— יע, יע! — האָט זיך אָפּגערופן די בּאָבּע. — מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך זע אַ חָלום. איך האָב זיך דערשראָקן פאַר דאָס שיפל. איך בּין געווען זיכער, אַז אָדלעראויג איז געשטאָרבּן און אַז דאָס איז ער געקומען פון-יענער וועלט. איך האָב גענומען לויפן צו דער הײל.

— דו האָסט געמיינט, אַז מיר זײַנען אַלע געשטאָרבּן! — האָט געפרעגט פלינקפוס.

— יע, — האָט געזאָגט די בּאָבּע — איך האָב געמיינט, אַז אַ הײלבּער אָדער אַ טיגער האָט אײַך צעריסן. איר זײַט אַלע מאָל געווען אַזוינע געוואַגטע.

און ווען זיי, די שטיפערס, האָט זי געזאָגט, ווײַזנדיק אויפן צווילינג — האָב איך גאָרנישט געוווּסט: צי זיי זײַנען אַוועק מיט אײַך, אָדער אַ טיגער האָט זיי צעריסן אין וואַלד.

— נו, דו זעסט! עס האָט דאָך געלוינט צו זײַן געוואַגט און דרייסט! — האָט זיך אָפּגערופן פלינקפוס און האָט אַ קוק געגעבן אויפן אָדלעראויג...

זי האָט אים געהאַלטן פאַרן סאַמע געוואַגטן און דרייסטן מענטשן אויף דער וועלט.

— דאָ אויפן אינדזל זײַנען נישטאָ קיין טיגערס און קיין הייל־בערן. און שפּײַז געפינט מען גענוג אַלערליי. פאַרוואָס האָבן די איבעריקע ניט געוואָלט קומען אַהער, ווען דו האָסט זיי דאָס דער־ציילט? — האָט פלינקפוס געפרעגט דעם מאַן.

זיי האָבן אַלע געוואָלט פאָרן — האָט אַדלעראויג געענטפערט — אָבער מײַן שיפל האָט ניט געקאָנט אַרײַננעמען אַזוי פיל מענטשן. דערפאַר בין איך דאָרטן אַזוי לאַנג געבליבן. איך האָב זיי אויסגעלערנט מאַכן שיפלעך. לאַנגהאַנט, גרויסאויער און גרויוואָלף — אַלע זײַנען זיי איצט בײַ דער אַרבעט: זיי מאַכן שיפלעך. זיי וועלן קומען אַהער אין פרילינג אָדער זומער.

— ווי אַזוי וועלן זיי געפינען דעם וועג? — האָט געפרעגט רויט־קעפּל.

— איך האָב זיי דערקלערט, ווי אַזוי צו פאָרן מיטן ברעג פון ים און ווי אַזוי אַריבערצופאָרן אויף אונדזער ברעג — האָט אַדלעראויג געענטפערט — זיי מוזן געפינען אונדזער אינדזל. און אויב זיי וועלן געפינען דעם אינדזל, וועלן זיי אונדז אויך געפינען. איך האָב זיי דערקלערט, אַז מיר לעבן גראָד אויף דער זײַט, וווּ די זון גייט אויף פון וואַסער.

* * *

דערווײַלע איז געוואָרן גאָר פינצטער. די הייל האָט זיך באַ־לויכטן נאָר מיט דעם ליכט פון שײַטערהויפן. פלינקפוס האָט באַ־מערקט אַ ווײַסן פאַס אויפן האָריזאָנט איבערן וואַסער.

— זע, באָבע! — האָט זי אויסגערופן, אָנווײַזנדיק אויף דעם ווײַסן פאַס — מיר האָבן געפונען דעם סוד פון דער זון און פון דער לבֿנה! זיי שלאָפן ביידע אין וואַסער!

די קינדער, די באָבע, אַדלעראויג און פלינקפוס האָבן געקוקט, ווי דער ווײַסער פאַס ווערט אַלץ ליכטיקער. און מיטאַמאָל האָט עך זיך אויסגעצויגן ווי אַ זילבערן וועגעלע איבערן וואַסער.

זיי האָבן געזען, ווי די בלייכע לבֿנה האָט זיך לאַנגזאַם געהויבן אויפן הימל און ווי עס האָבן אָנגעהויבן צו פינקלען שטערן.

— איך מײן, אַז קיינער אויף דער וועלט אויסער אונדז ווייס ניט דעם סוד — האָט פײַערלעך באַמערקט פלינקפוס. — איר זעט? — דאָ ענדיקט זיך די וועלט. און ווײַטער איז שוין ניטאָ וווּהין צו גיין.

— מע קאָן אפשר פאָרן נאָך ערגעץ ווו אויף מײַן שיפל... — האָט געזאָגט אַדלעראויג.

— די גײַסטער פון װאַסער זײַנען אַזױ גוט צו אונדז — האָט גע־זאָגט פלינקפוס — מיר דאַרפן צופיל פון זײ ניט פאַרלאַנגען. אױב ס'זײַנען אַפילו פאַראַן סודות, װאָס מיר װײסן זײ ניט, דאַרפן מיר גאָרניט װעלן זיך דערװיסן.

— מיט דער צײַט — האָט װידער אָנגעהױבן אַדלעראױג — קלער איך נאָך צו פאָרן...

אָבער פלינקפוס האָט אים ניט געלאָזט ענדיקן.

— ניין — האָט זי אים ניט געלאָזט רײדן — דו װעסט מער קײנמאָל ניט פאָרן. דו װעסט בלײַבן דאָ מיט אונדז, און מיר װעלן זײַן גליקלעך.

— װען־ניט־איז װעלן מיר פונדעסטװעגן פּרובירן אַרױספאָרן — האָט רױטקעפל געזאָגט צו זײַן שװעסטער.

רױטפליג האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— יאָ, געװיס װעלן מיר נאָך אַמאָל פאָרן װײַטער!



# אינהאַלט: